ח. ליעבערמאַן:

# דאָס פּראָבלעם

פון דער

# אידישער ערציהונג



ארויסגעגעבען פון דער

אידיש-סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַרטיי פּועלי-ציון

און פון דעם

אידיש-נאַציאָנאַלען אַרבייטער פערבאַנד פון אַמעריקאַ



# אינהאלט:

# פאָרוואָרט

דאָס דאָזיגע ביכעל, איבער דער נייער אידישער ערציהונג, גיט איבער דעם רעזולטאַט פון אַן עקספּערימענט, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט קאַרגע דריי יאָהר צוריק. דער אַבסטראַקטער פּרינציפּ אַז מיר, די פּראָגרעסיווע נאַציאָנאַליסטען, דאַרפען זיך אַקטיוו בעטייליגען אין דער אידישער ערציהונג, איז צום ערשטען מאָל אָנגענומען געוואָרען ביי דער גרינדונגס קאָנפערענץ פון דעם אידיש נאַציאָנאַלען אַרבייטער פערבאַנד, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אינ'ם זומער פון יאָהר 1910, אין ראָטשעסטער, ניויאָרק. דער דאָזיגער פּרינציפּ איז נאַכהער, אין אַ קאָנקרעטער פאָרם, אָנגענומען געוואָרען ביי דעם 5טען צוזאַמענפאָהר פון די אַמעריקאַנער פּועלי ציון, וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען די סכות וואָך פון יאָהר תרע"א אין מאָנטרעאָל, קאנאדא. דאָרט איז דער קאָנקרעטער בעשלוס געווען צו גרינדען אין ניויאָרק אַן עקספּערימענט־שוהלע פאר אידישע ערציהונג, וועלכע זאָל אין זיך אַריינגעהמען אַלס יסודות: די אידישע שפּראַך און ליטעראַטור, די העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור, אידישע געשיכטע, אידישען געזאַנג און דאָס איינפּלאַנצען פון נאַציאָנאַלען געפיהל און בעוואוסטזיין אין די הערצער און מחות פון די אַמעריקאַנער אידישע קינדער.

גלייך נאָכ'ן צוזאַמענפאָהר האָט זיך אָנגעפאַנגען די אַרבייט פאר דער שוהלע, און אין אָנפאַנג ווינטער תרע"א איז די שוהלע געגרינדעט געוואָרען.

דעם גרויסען ערפאָלג וואָס די שוהלע האָט פאר די קאַרגע דריי יאָהר געמאַכט, קענט איהר זעהן אין דעם פערטען קאַפּיטעל פון דיעזען ביכעל, וואו חבר ליבערמאַן, איינער פון די הויפּט לעהרער פון דער שוהלע, גיט איבער סיי די געשיכטע פון דער שוהלע, סיי דעם גייסט וואָס אין איהר הערשט. אָבער דיזער ביכעל גיט נאָר איבער די געשיכטע און גייסט פון דער ניויאָרקער שוהלע. היינט צו טאָג איז שוין די ניויאָרקער שוהלע ניט די איינציגע; זי איז שוין דעריבער אַרויסגע־

גאַנגען פון דעם עקספּערימענט־צושטאַנד; זי איז שוין געוואָרען אַ לעַ־בעדיגע אינסטיטוציאָן און איז דערהויבן געוואָרען צו דער הויך פון אַ מוסטער שוהלע. לויט איהר מוסטער זיינען געגרינדעט געוואָרען שוהלען אין פיעלע שטעדט אין אַמעריקא און קאַנאַדא. מיר האָבען שוין אפילו צו פערצייכענען צוויי אַלטע תלמוד־תורות, אין צוויי בעזונ־דערע שטעדט, וועלכע האָבען איבערגעבויט זייערע אַלטע לימוד־סיסטע־מען און האָבען אָנגענומען סיי דעם נאָמען, סיי די פּראָגראַם, פון אונ־זער ערשטער ניויאָרקער שוהלע. אויף אַזאַ ערפאָלג האָבען זיך ניט געריכט אפילו די אָפּטימיסטישסטע אָנהייגער פון דער נייער ערציהונג.

מיר קענען דאָ אויך קאָנסטאַטירען, אַז ניט בלויז די פּראָגראַם פון אונזער ניויאָרקער שוהלע, איז אָנגענומען געוואָרען פון די פיעלע שוה־לען איבער׳ן לאַנד, נאָר, צוזאַמען מיט׳ן פּראָגראַם איז אויך געגאַנגען דער גייסט, די נשמה פון דער שוהלע. עס שיינט אַז אַ שוהלע געגרינדעט אויף דער דאָזיגער פּראָגראַם, קען גאָר אַנדערש ניט זיין ווי אַ קוואַל פון ריינעם אידישען אידעאַליזם. דאָס איז דער בעסטער בעוויז אַז מיר האָבען אָנגעטראָפען דעם גליקליכען וועג אין דער אידישער ערציהונג.

אַזוי פערצווייגט האָט זיך די דאָזיגע אַרבייט, אַז מען רעדט שוין ביי אונז גאַנץ ערנסט וועגען אַ צוזאַמענפאָהר פון פאָרשטעהער פון אַלע שוהלען איבער׳ן לאַנד, כדי געמיינזאַם אַריינצוטראָגען פערבעסערונגען סיי אין פּראָגראַם, סיי אין די טעכנישע אָנפיהרונגען פון די שוהלען.

אָבער דער ערפאָלג אונזערער קען אונז ניט פערבלענדען צו איין גרויסען וויכטאָגדיגען מאָמענט אין אונזער אַרבייט. אין אונזער נויאָרקער שוהלע האָבען געפונען פּלאַטץ בלויז נאָהענט פון 200 אידישע קינדער. וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט עס קעגען יענע גרויסע צאָהל אידישע קינדער וועלכע האָבען ניט געהאַט דאָס גליק דיעזע שוהלע צו בעזוכען! נאָך גרעסער ווערט דער ווייטאָג טאַקע אַ דאַנק דעם גרויסען ערפאָלג וואָס אונזער שוהלע האָט געמאַכט. ווען מען זעהט ווי גרינג עס איז, ביי איבערגעבענע אַרבייט, אַריינצוגעבען אין אונזערע קינדער אַזוי פיעל אידישען וויסען, אָנצופילען זייערע נשמות מיט אַזאַ איידעלען געפיהל און צובינדען איהם מיט אַזעלכע שטאַרקע פעדים צו אונזער פאָלק, — ווי טרויעריג דאַרף עס דאַן זיין צום מוטה צו בעגעגנען אין גאַס צעהנדליגע טויזענדער אידישע קינדער וועלכע וואָלטען אויך געקענט געניסען פון זעלבען גליק ווען זייערע עלטערן וואָלטען עס נאָר געוואָלט;

ווען די אַמעריקאַנער אידען וואָלטען נאָך ערנסטער זיך פערטראַכט וועגען דער וויכטיגסטער פראַגע פון אונזער היגען לעבען.

וואָס פאר אַ גרויסע אַרבייט וואָלט עס געווען פאר אונזער צוקונפט, ווען מיר וואָלטען געקענט אויסוועבען אַ גאַנצען געוועב פון אַזעלכע שוהלען אין ניו־יאָרק! וואָס פאר אַ גליק וואָלט עס געווען ווען מיר וואָלטען געקענט אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל וואו עס געפינען זיך אידישע קינדער גרינדען אַזאַ שוהלע! ווי גרויס וואָלט געווען דער נאַציאָנאַלער געווינס פון אונזער פאָלק ווען מיר וואָלטען געגעבען יעדען אידיש קינד אַזאַ ערציהונג!

דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום דאַרף און וועט שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין אונזער געשיכטע. אונזער איצטיגער דור האָט עס בכח צו ווירקען אַז דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום זאָל וואָס שנעלער פערנעמען דעם דאָזיגען פּלאַטץ אין אונזער לעבען. די אַמעריקאַנער געבאָרענע אידישע יוגענד, ווען זי זאָל אָנגעפילט ווערען מיט אמת אידישען בעוואוסטזיין, מיט אידישע האָפנונגען און שטרעבונגען וועט, צוליעב דער פרייהייט וואָס זי האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט, קענען וואונדער שאַפען. איז ניט כדאי אַז די אַמעריקאַנער אידען פונ׳ם איצטיגען דור זאָלען זיך וועגען דעם ערנסטער פערטראַכטען?

און אָט צוליעב דעם, כדי צו פעראינטערעסירען דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום אין דער פראַגע פון ערציהונג, גיבען מיר אַרויס דעם דאָזיגען ביכעל.

אין דיזען ביכעל ווערען איבערגעגעבען יענע אורזאַכען וועלכע האָבען אונז בעוואָגען צו נעמען אַן אַקטיווען טייל אין דער אידישער ערציהונג און די טעאָרעטישע בעגרינדונג פון די יסודות אויף וועלכע מיר בויען אונזער ערציהונגס אַרבייט, ווי אויך דעם פּראַקטישען רעזולטאַט פון אונזער אַרבייט אין נויאָרק. מיר זיינען איבערצייגט אַז אַלע די אידען וועלכע וועלען דעם דאָזיגען ביכעל איבערלעזען וועלען זיך מוזען ערנסטער בעציהען צום אידישען חינוך; זיי וועלען מוזען איינזעהן אַז זייער גלייכגילטיגקייט צום אידישען חינוך מוז פיהרען צו שרעקליכע רעזולטאַטען.

דאָס דאָזיגע ביכעל בעצוועקט אויך צו העלפען, מיט אונזער ערפאַהרונג, די יעניגע, וועלכע בעמיהען זיך גרינדען אַזאַ שוהלע אין זייער שטאָדט אָדער אין זייער קוואַרטאַל. זאָלען זיי ניט דאַרפען איבער־

לײדען אַלע געבורטס־װײהען פון דאָס נײ. פון דיזען ביבעל קענען זײ שעפּען אַלע װיכטיגע ידיעות װאָס זײנען נױטיג פאַר דער אַרבײט.

מיר לײגען דאָ אַלזאָ פאַר׳ן אַמעריקאַנער יודענטהום פאָר אַ װעג דורך װעלכער, אויב עס װעט אין איהר געהן, עס קען רעטען זײן צו־קונפט; דורך װעלכער עס קען רעטען די נשמות פון זײנע קינדער און צובינדען זײ צו דער גאָלדענער קײט פון אונזער געשיכטע. מיר האָבען געמאַכט די התחלה אונטער ניט זעהר גינסטיגע אומשטענדען. מיר האָבען צו אונזער הילף ביז איצט ניט געהאַט, ניט די פּרעסע, ניט די גרויסע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען. פונדעסטװעגען איז אונזער ערפאָלג געװען אַזוי גרויס. װי גרויס װאָלט געקענט זײן דער ערפאָלג װען דאָס גאַנצע, דורך פערשיעדענע אָרדענס און פעראײנען אָרגאַניזירטע, יודענטהום װאָלט זיך גענומען צו דער אַרבײט!

און מיט טיעפען גלויבען אַז עס װעט גאָר אין גיכען קומען דער טאָג װען דאָס אַמעריקאַנער יודענטהום אין זײן גאַנצען גרויס װעט אויפנעמען די דאָזיגע אַרבײט און װעט ניט דערלאָזען אַז אונזערע קינדער זאָלען בילדען אַן אבר המדולדל פון אונזער געשיכטע, װעלען מיר דערװײל פאָרזעטצען די אַרבײט לויט אונזערע אײגענע כחות, האָבענדיג דעם גליקליכען בעװאוסטזײן אַז מיר זײנען געװען די ערשטע אַרײנצוברײנגען אינ׳ם אַמעריקאַנער אידישען חינוך נײעס לעבען און פרישעס בלוט.

דער פעראײניגטער קאָמיטעט פון דער
אידיש־סאָציאַליסטישער ארבײטער פּאַרטײ
פועלי ציון
און פון
אידיש־נאַציאָנאַלען ארבײטער פערבאַנד
פון אַמעריקא.

## א.

# אין וואס עס בעשטעהט דאס פראבלעם

פערציג יאהר אידישע ערציהונג האבען מיר אין דיזען לאנד, און צו איהר קרעדיט האט זי א דור, וואס איז פרעמד פון אידישקייט, ווייט פון דעם אידישען פאלק, אינטערעסירט זיך ניט מיט זיינע פראגען, פרעהט זיך ניט מיט זיינע פריידען און קימערט זיך ניט פאר זיינע ליידען.

און מיר שטעהען און קוקען מיט שמערץ אין הארצען צו, ווי אונזערע קינדער גליטשען זיך אוועק פון אונז, ווערען פון אונז אבגעריסען, אבגעשניטען; אין אונזערע רייהען ווערט אלץ שיטערער, ביי אונזערע קולטור־ארבייטען הערען זיך ניט די פרישע, הילכיגע, מונטערע שטימען פון יונגע ארבייטער, אונזערע פעלדער זיינען פערלאזען, אונזערע וויינגערטנער זיינען וויסט...

און וואס פאר א גרויסער געווינס וואלט עס געווען פאר'ן אידישען פאלק, ווען דער דור וואס מיר האבען אויפגעהאדעוועט דא אין אמעריקא, וואלט געווען אונזערער, א אידישער! וויפיעל פרישעס לעבען, וואס פאר א געוואלדיגע כחות ער וואלט אריינגעטראגען מיט זיך אין דער אידישער געשיכטע! וואס פאר אן אונערשעפליכער קוואל פון ענערגיע, וואס פאר אן אונגעהייערע, אונערמעסליכע קראפט ער וואלט פאר אונז געוועזען, און גראד איצט, אין דעם קריטישסטען מאמענט פון אונזער פאלק'ס זיין! דער יונגער אידישער דור אין אמעריקא איז פיעלייכט דער געזינדסטער דור, וואס מיר האבען ארויסגעגעבען זייט מיר זיינען אין גלות. אויפגעוואקסען אין דער יונגער, ענערגישער, פרייער רעפובליק, שטעלט ער מיט זיך פאר א גאנץ נייעם אידען: פריש, געזונד, ענערגיש, פריי, אונטערנעהמעריש, געבילדעט, און דער עיקר — בעוואוסטזיניג פון זיין קראפט און זיינע רעכט. אה, ווי טיעף ער וואלט געקענט האסען דעם גלות און ווי מעכטיג וואלט ער געקענט קעמפפען געגען איהם ווען מען וואלט איהם נור געבראכט צו זיין אידישען בעוואוסטזיין!

אָבער וואָס האָבען מיר פון זיי? וויפיעל פון אָט דיעזען ריי־כען פערמעגען קומט אָן אונז? וויפיעל פון די אידישע זיהן און טעכטער, וואָס זיינען טהעטיג אין אַלע צווייגען פון מענשליכען וויסען און פאָרשען, וואָס בעפרוכטען די פעלדער פון אַלע פרעמ־דע קולטורען, וואָס גיבען כחות צו אַלע בעוועגונגען און געזעל־שאַפטליכע טהעטיגקייטען, און בעשאַפען צום גרויסען טייל דאָס גייסטיגע לעבען פון לאַנד, וויפיעל פון זיי פערנעהמען זיך מיט א י ד י ש ע ן וויסען און דענקען, מיט אידישע פראַגען און בעוועגונגען, מיט אידישער שפראַך און ליטעראַטור? ווער פון זיי האָט געזאָגט עפּעס אַ  א י ד י ש  וואָרט?

און מיר וואונדערן זיך: ערשט איין דור אינגאַנצען זיינען זיי אָבגערוקט פון אונז, און וואָס פאַר אַ ווייטקייט עס צושיידט שוין אונז! וואָס פאַר אַ טיעפער תהום עס ליעגט שוין צווישען אונז און זיי!

און מיר פרעגען מיט אַנגסט: וואָס איז די אורזאַכע? וואו ליעגט דאָס אומגליק?

עס פליהט ארום אַ פליעג אין אַ ליכטיגען גלאָז איינגעשלאָ־סען, זעהט פאַר זיך אַ ברייטע וועלט, רייסט זיך מיט אַלע כחות אויף דער פריי, און בלייבט דאָך איינגעשלאָסען. און עס ברעכט זיך, די אָרעמע פליעג, איהר פינטעלע מח, און מאַטערט זיך צו פערשטעהן, וואָס איינענטליך שטעהט איהר אין וועג, און בעגרייפט עס נישט...

מיר זיינען ניט פיעל קליגער פון דער דאָזיגער פליעג. פון איין זייט די אַמעריקאַנישע שוהל, פון דער פּאָבליק סקוהל ביז דער אוניווערזיטעט, מיט דאָס שעהנסטע און בעסטע וואָס די גוים פערמאָגען — אונזער קינד צו ענטפרעמדען. און פון דער אַנדערער זייט דער אָרעמער אידישער חדר, פון דעם פריוואַטען מלמד ביז דער תלמיד תורה, מיט אַביסעלע טרוקענע עברי און אָן אינהאַלטס־לאָזע בר־מצוה דרשה — אונזער קינד צוצוהאַלטען ביי אונז, און נאָך פרעגען מיר וואָס איז די אורזאַך, וואו ליעגט דאָס אונגליק.

גיכער שיקט זיך צו פרעגען: פאַרוואָס זאָלען אונזערע קינדער י אָ בלייבען ביי אונז? פאַרוואָס זאָלען זיי נ י ט אַנטלויפען? האָבען מיר דען מיט עפּעס זיי צוגעבונדען צו זיך, צו אונזער פאָלק?

האָבען מיר דען עפּעס איינגעפּלאַנצט אין זייערע הערצער, וואָס עס זאָל זיי שווער זיין אַרויסצורייסען?

אביסעלע עברי און אַ „קאָנפירמיישאָן ספּיטש" — און דאָס זאָל עס זיין די בענדער, וואָס זאָלען אויף אייביג צובינדען אונזער קינד צו אונז, און דאָס זאָל עס זיין יענעס שעהנעס, גרויסעס, ערהאבענעס, וואָס זאָל אונז איינ'יחוס'ן ביי אונזער קינד, אויפהויבען אונז אין זיינע אויגען איבער אַלע אנדערע פעלקער, און עס זאָל אויסוועהלען אין אונז, און עס זאָל אונזערם בלייבען...

און די ערציהונג, — דאָס איז דאָך אונזער איינציגער כח אנטקעגען דאָס מעכטיגע ענטפרעמדענדע לעבען, אונזער איינציגע וואפע, און דיעזע איז אויך אזוי טעמפּ, אזוי אָבגענוצט... פאַרוואָס אַזוי ווענינ פערשטענדניש פאַר דיזען וויכטיגסטען פּראָבלעם, פאַר דיזער פּראַגע פון אַלע פראַגען?!

ווען מיר שטעלען אַרויס אונזער חדר און תלמוד תורה, אין זייער איצטיגער געשטאַלט, צו ווירקען געגען דער השפּעה פון דער אַמעריקאַנער שוהלע, זיינען מיר ווי יענע כינעזער וואָס האָבען געענטפּערט דעם שונא'ס האַרמאַטען מיט קוילען פון זאמד. אונזער חדר מיט זיין איצטיגען אָרעמען אינהאַלט איז ניט בכח צו מאַכען אונזערע קינדער פ י ה ל ע ן  א י ד י ש אַנטקעגען די איינפלוסען וואָס אַרבייטען איהם צו פער'גוי'אישען. דער היגער חדר איז אין בעסטען פאַל ניט מעהר ווי אַ שלעכטע נאָכקרימעניש נאָך דעם חדר און ת"ת פון דער אַלטער וועלט, און איז ניט אָנגעמאָסטען ניט צו די אַמעריקאַנער אומשטענדען, ניט צו דעם נייסט פון דעם אַמעריקאַנער אידישען קינד. עס איז איבער זיינע כחות צו ערפילען די אויפגאַבע וואָס ליעגט אויף איהם אין דיזען לאַנד.

און זיין אויפגאַבע איז דאַ אַ פּיעל, פיעל שווערערע ווי אין דער אַלטער וועלט. אין דער אַלטער וועלט איז דער הויפּט פאַקטאָר אין דער ערציהונג פון דעם אידישען קינד געוועזען ניט דער חדר, נור די היים, די גאַס, דאָס אָרט. דאָס קינד איז געוואַקסען אין אַ אידישער אַטמאָספּערע, אין אַ אידישער סביבה, האָט ממש געאָטהעמט מיט אידישע לופט. עס האָט געזעהען אַרום זיך אַ פול, זאַפטיג אידיש לעבען, מיט אַ אידישער שפּראַך, מיט אידישע

מנהגים, אידישע זיטען, אפילו א בעזונדערע אידישע קליידונג. יעדער קעהר, יעדער ריהר פון דעם אידען, יעדע רגע פון דעם אידישען טאָג, איז געווען אייגענאַרטיג, אידיש. פון דרויסענדיגע איינפלוסען איז דאָס אידישע קינד געווען אויסגעשלאָסען. און איז עס יאָ געקומען אין בעריהרונג מיט דער פרעמדער וועלט איז דאָס אידישע לעבען געווען אזוי פיעל טיעפער, אזוי פיעל גייסט־רייכער, אזוי פיעל שעהנער, עדלער און ראָמאַנטישער, אז דאָס פרעמדע לעבען האָט אויף איהם קיין איינדרוק ניט געקענט מאַ־כען.

ביי אזא מצב האָט דאָס קינד פשוט ניט געקענט אויסוואַקסען עפּעס אנדערש ווי א איד, פונקט ווי דער עסקימאָס קען ניט, וואוינענדיג אין די פערוואָרפענע ערטער פון דעם צפון, אויסוואַקסען פון דער העלער הויט און אייראָפּעאישער מענש, מיט אן אייראָפּעאישען שטייגער פון לעבען. עס איז גאָר ניט געווען קיין מוז אז עס זאָל געהן אין חדר צו לערנען אידישקייט כדי צו זיין א איד. עס איז געווען געגנוג דער לעבענס־פיהר, וואָס ער האָט געמוזט אויפנעהמען אונבעוואוסטזיניג, לעבענדיג איינגעשלאָסען אין א בעזונדערער אייגענאַרטיגער אַטמאָספּערע. דאָס לעבען איז געווען די בעסטע שוהלע. דאָס קינד איז שוין גע־קומען אין חדר א פאַרטיגער איד. דער חדר האָט דאָ געדאַרפט נאָר ממלא זיין דער היים, דער גאַס, דער סביבה. ער האָט נור געדאַרפט זיין אידישקייט פערטיעפען, אויסברייטען, דער עיקר אָבער איז געשאַפען געוואָרען פון זיך אליין.

דערצו האָט דער חדר זיך ניט געדאַרפט טיילען מיט א גוי־אישער שוהל, ניט מיט׳ן קינד׳ס צייט, ניט מיט זיין נשמה. דער חדר האָט דאָס קינד געהאַט פיר זיך אליין, און האָט אין איהם ענטוויקעלט אי דעם אידען אי דעם מענשען. ער האָט ניט געהאַט פאַר זיין אויפגאַבע צו געבען איהם בלויז אידישען וויסען, און וועלטליכען וויסען איבערלאָזען פאַר דער גוי׳אישער שוהל, אזוי ווי עס איז דער פאַל אין אמעריקאַ. נור דער חדר האָט געדאַרפט דאָס קינד לערנען די וועלט, אויסבילדען איהם סיי אלס איד, סיי אלס מענש, אויף וויפיעל מען האָט דאָס לעצטע דעמאָלט פערשטאַנען. און אזוי איז ארויסגעקומען א אידישער מענש.

דאָ אין אַמעריקאַ קומט דעם חדר ניט אויס צו ווירקען אונ־טער אַזעלכע גינציגע אומשטענדען. קיין אידישע היים, אין אמת'ן זין פון וואָרט, איז דאָ ניטאָ. דער אידישער כלל איז דאָ אינגאַנצען בעהערשט פון דעם שטרעבען זיך צו אַמעריקאַני־זירען, — אַ שטרעבען וואָס שניידט זיך טיעף אַריין אין די גרע־נעצען פון פשוט'ער אַסימילאַציאָן. די אידישע שפּראַך, די אי־דישע מנהגים, אידישע זיטען, אפילו די אידישע ימים טובים, אַלץ ווערט דאָ פערטריבען, מען שינדט אונערבאַרמליך פון זיך די אידישע הויט אַרונטער און מען לאָזט זיך בעוואַקסען מיט אַן אַמעריקאַנער שאָלעכץ. אַזאַ סביבה איז מסוגל נור צו פער'סמ'ען דאָס קינד. דער חדר אַלזאָ שטעהט דאָ גאַנץ אַליין. און ניט נור האָט ער ניט די הילף פון דעם קינד'ס היים, פון זיין סביבה, נור פערקעהרט, ער דאַרף נאָך ווירקען געגען זייער שעדליכען איינ־פלוס.

און ווען נור דאָס אַליין וואָלט געווען דער אונטערשייד אין דער לאַגע פון דעם חדר דאָ און אין דער אַלטער וועלט, וואָלט שוין אויך דער היגער חדר געדאַרפט אָוועקגעשטעלט ווערען אויף אַ ברייטערן יסוד, אַריינגעהמען אין זיין פּראָגראַם אויך אַזעלכע למודים, וואָס זאָלען דעם קינד מעהר געבען, וואָס זאָלען זיין מעהר אַנציהענד פאַר זיין גייסט, ווי אַן אונפערשטענדליכע ביסעל עברי; ער וואָלט דעם קינד געדאַרפט געבען אַזעלכעס, וואָס קען זיך בע־סער אָננעהמען ביי איהם, וואָס קען טיעפער אַריינדרינגען אין זיין צאַרטער נשמה און געזונדערע וואָרצלען דאָרט שלאָגען.

ווען נור דאָס אַליין — אָבער דער עיקר איז דאָך ניט דאָס וואָס אונזער חדר גיעט **ניט** אונזער קינד, נאָר דאָס, **וואָס די אַמעריקאַנער שוהלע גיט איהם יאָ**. אַט דאָ איז דער שווערפּונקט פון דעם גאַנצען פּראָבלעם, און גראַד געגען דעם איז אונזער סיסטעם פון ערציהונג אַם מעהרסטען מאַכטלאָז.

עס האָט זיך ביי אונז איינגעבירגערט די מיינונג, אַז ווייל מען לערנט ניט אין די אַמעריקאַנער שוהלען די קריסטליכע אמונה שטעהט דאָ קיין סכנה ניט פאָר דער אידישקייט פון אונזערע קינדער. דאָס איז אַ משונה'דיגער געדאַנק, וואָס ווייזט נור ווי

וועניג מען פערשטעהט ביי אונז וואָס עס הייסט באמת ערציהונג. און אויב עס איז באמת דאָ א סכנה פאר דעם קיום פון אמע־ריקאנער יודענטום איז עס אָט דיזע מיינונג.

ס'איז אמת, אז קריסטענטום ווערט דירעקט ניט געלערנט אין די אמעריקאנער שוהלען, אָבער די אמעריקאנער שוהלע איז דורך דעם ניט וועניגער א קריסטליכע אינסטיטוציאָן. „זיי" האָ־בען זי פאר „זיך" געמאכט, און זי איז בערעכענט זייערע, ניט אונזערע, גייסטיגע בעדערפנישען צו בעפרידיגען. דער גייסט איז אַ קריסטליכער, די לעהר־ביכלעך וואָס ווערען אין דער אמעריקא־נער שוהלע געברויכט זיינען דאָך פון קריסטען פערפאסט, און זייער אינהאלט איז דאָך פון דער גוי'אישער וועלט גענומען, און די פערפאסער קריכען דאָך ניט ארויס פון זייער הויט צו ווערען עט־וואָס וואָס איז ניט קריסט און ניט איד, כדי אָבצוהיטען די גאנצ־קייט פון די אידישע קינדער. און פון דער ערשטער רגע וואָס אונזער קינד קומט אריין אין שוהלע הויבט עס אָן אונבעמערקט איינצוזאפּען קריסטליכע אידעען און בעגריפען, וועלכע וועבען זיך איין מיט טויזענדע אונזיכטיגע פעדים אין דער יונגינקער נשמה, וואקסען זיך צוזאמען מיט'ן קינד'ס הערצעלע, געשטאלטען אויס זיין כאראקטער, לעגען זייער שטעמפעל אויף זיין פערזענליכקייט, קנעטען אויס זיין גייסט, שמעלצען איבער זיין זעלע אין זייער טיגעל. דורך קריסטליכע השגות הויבט דאָס קינד אָן די וועלט אויפצונעהמען. מיט זייערע אידעען ווערט עס רייפער און רייפער און אונטער דעם איינפלוס פון זייערע סימפאטהיען און אנטיפא־טהיען גרייכט עס צו צייטיגקייט, און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז גיסט זיך דאָס קינד גייסטיג אינגאנצען צוזאמען מיט דער קריסט־ליכער וועלט, קוקט אויף אלץ דורך קריסטליכע ברילען, זעהט די וועלט ווי די קריסטען זעהען זי, אלץ דריקט זיך ביי איהם אויס אין קריסטליכע פאָרמען, מיט איין וואָרט, עס ווערט א פאָלשטענ־דיגער קריסטליכער מענש, פון אידען אויף אייביג פארשניטען, און ניט האָבענדיג געלערנט די קריסט־ליכע רעליגיאָן.

אָט דאָס איז וויכטיג מיר זאָלען פערשטעהן.
און עס קען גאָר אנדערש ניט זיין.

ווארום אין דעם גאנצען אויסבילדונגס פּראָצעס פון אונזער קינד, דורך דער גאנצער צייט פון זיין „ווערן", איז עס גייסטיג איינגעשלאָסען אין דער קריסטליכער, אין דער גוי'אישער וועלט. פון דעם א"ב ביז דער „דיגרי" ווייקט זיך עס רק אין גוי'אישקייט, זערט עס און הערט נור פון אלץ וואָס איז זייעדם, פון אלץ וואָס איז ניט אידיש. אלץ וואָס ווערט איהם געגעבען זיין כאראקטער אויסצובילדען, אויסצופיילען, די אלע מענשען וועלכע ער בע־געגענט אין זיינע ביכער, די אלע איבערלעבונגען וואָס רעגען זיין הארץ, די אלע לעבענס־שילדערונגען וואָס ווערען פאר זיין אויג דורכגעפיהרט, — סיי עס בלאָנדזשעט נאָך אין די פאנטאסטישע וועלטען פון די „פעירי־טיילס", סיי עס גריבעלט זיך שוין אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער אָדער אנדערער ליטעראטור — מיט איין וואָרט, אלץ דורך וואָס אונזער קינד דערקענט די וועלט, דורך וואָס עס בילדעט זיך אויס דער מענש אין איהם, איז גענומען פון פרעמדע וועלטען, איז פון זייער ברונען געשעפּט. מ י ר זיי־נען דערביי ניטאָ, קיין אידישע מענשען, קיין אידיש לעבען גע־פינט עס ניט אין די דאָזיגע ביכלעך, מיר ווערען פערדרענגט, ווי א נוצלאָזע זאַך אין א ווינקעל פעררוקט. און עס „ווערט" אונ־זער קינד און עס וואקסט אויס, און עס בעקענט זיך מיט דער גרוי־סער ברייטער וועלט, מיט אלץ און מיט אלעמען, און אונז קען עס ניט, און פון אונז וויים עס ניט.

מען פּרעדיגט ניט קיין קריסטענטום אין די אמעריקאנער שוהלען, געווים. פרעגט אָבער איין קינד אונזערס צי האָט עס ניט געלעזען די „פּילגרימס פּראָגרעס" — שיער ניט א צווייטע קריסט־ליכע ביבעל? צי לאָבט זיך עס ניט פון קליינוויז אויף מיט „קע־ניג ארטהור און די ריטער פון רונדען טיש" — א קייט פון וואונ־דערשעהנע, טיעף רעליגיעזע לעגענדען וועגען דעם פערשוואונדע־נעם בעכער, וואָס יעזוס האָט פון איהם ביים לעצטען אבענדמאָל געטרונקען? פרעגט אייער היי־סקוהל אינגעל אָדער מיידעל, צי האָבען זיי ניט גע'חזר'ט אויף אויסווענדיג און פערפאסונגען און פּירושים געשריבען וועגען די „וויזשאָן אָוו סער לאנפאל" — אָן אנדער לעגענדע פון זעלבען מין; פרעגט אייער קאלעדזש זוהן אָדער טאָכטער צי האָבען זיי ניט געלערנט, אלס מוסטער פון קלאַ־

פישע ליטעראטור, בראונינגס „שאול“, וואו דוד גיסט זיך אויס אין קריסטליכער השתפכות הנפש — דוד המלך א קריסט! — פרעגט זיי צי האבען זיי ניט געלעזען... אבער דא וואלט נויטיג געווען אויסצורעכענען כמעט די גאנצע ענגלישע ליטעראטור, וואס צייכענט זיך אויס מיט איהר טיעפען רעליגיעזען כאראקטער.

אויב ניט קריסטענטום, וואס פאר אן אנדער נאמען וועט איהר עס געבען?

אמת, דאס איז ניט אמונה דירעקט, עס איז ליטעראטור, און מען קען גאר ניט האבען געגען דעם וואס מען לערנט עס. אבער וואס וויס דאס קינד צו אונטערשיידען? דאס קינד גארט נאך גייסטיגע שפייז, עס זוכט מיט עפעס צו זעטיגען זיין נשמה, און דא קומט דער קריסטליכער פאעט, פאנגט עס אין דעם צויבערנעץ פון זיין דיכטונג, רעגט זיין הערצעלע מיט הייליגער בעגייסטערונג, מאכט עס ענטציקען איבער די קריסטליכע שעהנהייטען, פילט עס אן מיט ליעבע און יראת הכבוד פאר די קריסטליכע הייליגטימער — און, וואו זאל דאס קינד נעהמען דעם מאראלישען כח זיך צו וועהרען?

און מיר טרייסטען זיך: מען לערנט ניט אין די אמעריקאנישע שוהלען דעם קריסטליכען גלויבען...

און עס איז ניט אזוי די התקרבות צום קריסטענטום אלס רעליגיאן דוקא, ווי בכלל די פער'גוי'אישונג פון אונזער קינד. וואס פאר א גייסטיגע פערוואנדשאפט קען זיין צווישען אונז און אונזער קינד ווען יאהרען לאנג, דורך דער גאנצער צייט פון זיין ערציהונג, ווערט זיין געדאנק געהאלטען קאנצענטרירט נור אויף אלץ וואס איז גוי'איש, זיין גייסט ווערט געשפייזט מיט פרעמדס, און עס איז אינגאנצען אויסגעטהאן פון אידישקייט, פון דער אידישער וועלט און דעם אידישען לעבען? עס איז ווי א גליעד אין קערפער, פון וועלכען די בלוט־צירקולאציאן ווערט קינסטליך אבגעהאלטען, וואס מוז סוף כל סוף אבשטארבען, אב־דארען.

און טרינקען מיר דעם גיפטיגען בעכער, לאמיר איהם אויס־טרינקען אינגאנצען און לאמיר דעם שרעקליכען אמת דערזאגען ביז'ן סוף: די קריסטליכע וועלט האט אונז פיינד, און קריעגט

אונזער קינד א קריסטליכע ערציהונג מוז עס אונז אויך פיינד האָבען!
דער מענש איז וואָס ער עסט—זאָגט א דייטשיש שפּריכוואָרט. אָט דערפאר וויכען עס אונזערע קינדער אוועק פון אונז און אלץ וואָס איז אידיש איז זיי דערווידער. אָט דערפאר קלאָגען מיר עס וואָס די אידישע אינטעליגענץ געהט פון אונז אוועק..

און דאָס זיינען נור איניגע מאָמענטען פון דער ערציהונג פון אונזער קינד. ווער קען דען ארויסברייגגען אינגאנצען יענעם געוואלדינען פראָצעס פון פערפרעמדקייט, וואָס קומט פאָר אין אונזער קינד יעדען מאָמענט, יערע רגע פון זיין לעבען, און פילט אויס די ווייטסטע, די טיעפסטע קעמערלעך פון זיין נשמה? אָבער דאָס ביסעל וואָס איז געזאָגט געוואָרען דאָ איז דאָך גענוג כדי זיך צו איבערצייגען גענען וואָס פאר א מעכטיגע כחות מיר האָבען צו שטרייטען.

און וואָס טהוען מיר צו ווירקען געגען אָט דיזע מעכטינע איינפלוסען? וואָס טהוען מיר אין קאמפּף פאר אונזער קינד? מיט וואָס ווילען מיר עס ראטעווען פון גוי'אישע הענט?

מיר שיקען עס אין חדר אָדער אין ת"ת און לערנען עס אביסעלע עברי. זאָל עס כאָטש דאוונען קענען...

ניטאָ מעהר דער אידעאל פון דעם אידישען חדר פון אמאָל — ארויסצוגעבען גרויסע אידען, אידען לומדים, בני תורה, רבנים און גאונים, ריעזיגע גייסטער וואָס זאָלען זיין די ליכטער פון גלות, און דער עיקר ארויסצוגעבען פרומע, אויפריכטיגע, אונמיטעלבארע, שטאנדהאפטיגע אידען, אידען גאנץ מיט זייער פאָלק און גאנץ מיט זייער גאָט. ניטאָ מעהר אָט דיזער גרויסארטיגער אידעאל. איינגעשרומפּען איז ער ביי אונז געוואָרען אין דעם אָרעמען, נישטיגען, מיזעראבלען שטרעבען—אויסצולערנען אונזער קינד חאָטש א ביסעל עברי, זאָל עס כאָטש קענען דאוונען, אויב ס'וועט זיך איהם אמאָל פערגלוסטען...

קען דאָס אָבראטעווען אונזער יונגען דור? איז דאָס ניט געשטורמט א פעסטונג מיט קוילען פון זאמד?

דארף אונזער חדר ניט געשטעלט ווערען אויף א ברייטערן יסוד?

ב.

# געשיכטע און ליטעראַטור אין דער אידישער ערציהונג

---

וואָס זשע זאָלען זיין יענע ברייטערע יסודות, אויף וועלכע אונזער ערציהונג זאָל געשטעלט ווערען?

דער חדר און די תלמוד תורה בענוגענען זיך מיט רעליגיעזען אונטערריכט. זיי גרייטען צו דאָס קינד נור צו קענען אָבקומען זיין חוב צו גאָט. און די גאַנצע אויסבילדונג פון דעם קינד׳ס כאַראַקטער לאָזען זיי איבער פאַר דער אמעריקאַנער שוהל. און אַז די אַמעריקאַנער שוהל מאַכט פון אונזער קינד אַ קריסט האָבען מיר שוין געזעהען. וואָס זשע איז דער סך־הכל?

דער סך־הכל איז — אַ מענש, וואָס אין אַלץ איז ער אַ גוי, נור אין זיין גלויבען ווילען מיר זאָל ער זיין אַ איד.

קען נאָך זיין אַ גרעסערע סתירה? איז נאָך מעגליך אַ שאַר־פערער ווידערשפרוך? איז דען ניט קלאָר, אַז ווי באַלד אין זיין כאַראַקטער איז אונזער קינד אַ קריסט, במילא פאַסט עס זיך בעסער אריין אין דער קריסטליכער רעליגיאָן?

און פון דאַנען נעהמט זיך עס די שמד־מגפה, וואָס בושעוועט היינט אַזוי מורא׳דיג אין דער גאַנצער אידישער וועלט, און די געמישטע חתונה וואָס מאַכט אָן אַזאַ חורבן אין אונזער לעבען. אָט דאָס דערקלעהרט וואָרום אַזוי פיעל אידישע קינדער קענען מיט אַזאַ לייכטען האַרצען זיך אַוועקרייסען פון אונז און אַוועק־געהן וואוהין עס ציהט זיי דער שטראָם.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז אויב מיר ווילען אַז אונזער קינד זאָל בלייבען אַ איד דאַרפען מ י ר אויסבילדען זיין כאַראַקטער, דאַרפען מ י ר אויסגעשטאַלטען זיין גייסטיגע צורה, דאַרפען מיר איהם געבען אַ ב ר יי ט ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע א י ד י ש ע ערציהונג.

מיר טאָרען זיך ניט בענוגענען בלויז מיט רעליגיעזען אונ־טעררינכט, וואָס אין אַמעריקאַ דריקט עס זיך ס'רוב אויס, ניט אין אַ טיעפּען בעוואוסטזיין וועגען דער מאָראַלישער הויך פון דער אידישער רעליגיאָן, נור אין אַ ביכעלע עברי קענען, אָהן יעדער עכטקייט, אָהן דער מינדעסטער אייפריכטיגקייט. מיר דאַרפען אונ־זערע קינדער לערנען אויך אַזעלכע למודים וואָס זאָלען אויסבאַ־לאַנסירען די ענטפּרעמדענדע למודים, וואָס די אַמעריקאַנישע שוהל ניט זיי. זאָלען זיי וויסען וועגען אונז אַזוי פיעל ווי וועגען די גוים און בלייבען וועלען זיי אונזערע. דען בלוט זיינען זיי דאָך פון אונזער בלוט און פלייש זיינען זיי דאָך פון אונזער פלייש.

עס לערנען, צום ביישפּיעל, אונזערע קינדער אין די אַמערי־קאַנער שוהלען געשיכטע. זיי לערנען די גריכישע געשיכטע, די רוימישע געשיכטע, די געשיכטע פון אייראָפּאַ'ס אויפשטייגען. דוכט זיך, אַז מיר האָבען אויך אַ שטיקעל שייכות דערמיט. מיט די גריכען און רוימער האָבען מיר דוכט זיך געהאַט עפּעס „רייבונ־גען", און צום אויפבויען פון אייראָפּאַ און פון יעדען אייראָפּעאי־שען פאָלק, זאָגט מען, האָבען מיר אויך צוגעלעגט אַ פינגער. פאַר־האָן אפילו אַזעלכע וואָס זאָגען, אַז ווען ניט מיר וואָלט אייראָפּאַ ניט געווען דאָס וואָס זי איז.

נעהמט זיך אָבער די מיה און בלעטערט דורך די געשיכטע־ביכלעך, וואָס אונזערע קינדער לערנען, צי געפינט איהר דאָרטען עפּעס וועגען אידען? צי ווערט דאָרט כאָטש אַזוי פיעל ווי דער־מאָהנט דער אידישער נאָמען? צי ווערט וועלכע עס איז וויכטיג־קייט אונז צוגעשריבען, וועלכע עס איז בעדייטונג אונז צוגעגעבען?

גאָר ניט, גלייך ווי מיר וואָלטען גאָר אויף דער וועלט ניט געווען, אָדער גלייך ווי אונזער זיין איז סיי ווי ניט מעלה און ניט מוריד.

אָט אין אַזא גייסט ווערט די געשיכטע געלערנט צו אונזערע קינדער.

וואָס זשע פאַר אַ מיינונג, פרעגט זיך, קען האָבען וועגען אונז אונזער קינד ווען פאַר זיין אויג ווערען דורכגעפיהרט אַלע וויכ־טיגע פעלקער פון דער וועלט, עס ווערט איהם געוויזען דער גאַנצער אויפשוואונג פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציאָן, און אונז געפינט

עס דאָרט ניט, אָדער עס געפינט אונז ערגעץ אין א ווינקעל פער־רוקט, אויסגעשפּיעלטע, נוצלאָזע?

איז דאָס אליין ניט גענוג צו טויטען אונז אין הארצען פון אונזער קינד?

און דאָס וואָס ווערט שוין יא וועגען אונז געזאָגט אין זייער גייסט פון געשיכטע לערנען איז אויך ניבער מסוגל אונזער קינד פון אונז צו דערווייטערען איידער עס מקרב צו זיין.

עס ווערט ביי זיי צום ביישפּיעל געלערנט, אז פון דריי עלע־מענטען בעשטעהט די היינטיגע ציוויליזאציאָן: פון דעם גריכישען, מיטאָנישען און אידישען. די גריכען האָבען געגעבען דער וועלט א זין פאר שעהנקייט; די טוטאָנער — דאָס געפיהל פאר פריי־הייט, און די אידען — דאָס קריסטענטום.

וואָס זאָל דאָס הייסען פאר׳ן אידישען קינד? פשוט, אז אויב עס האָט מיט עפּעס צו שטאָלצירען איז עס — קריסטענטום.

דאָס יודענטום אין זיך אליין האָט קיין בעדייטונג ניט. עס איז ניט ווערטה מען זאָל זיך דערמיט אָבגעבען אן און פיר זיך. עס איז אויסגעשפּיעלט צוזאמען מיט זיינע טרעגער, דאָס אידישע פאָלק. זיין איינציגע בעדייטונג איז נאָר, וואָס דאָס קריסטענטום האָט זיך פון איהם אָבגעצווייגט.

און שטעלט זיך פאָר, אז **אזוי געוועהנט זיך דאָך איין אונזער קינד צו דענקען!**

און לערנענדיג די וועלט־געשיכטע צזוי דורכאויס אין זייער גייסט געטייטשט, הויבט אָן אונזער קינד צו פעראייניגען ביי זיך אין געדאנק אלץ וואָס איז וויכטיג און גרויס און פאָרטגעשריטען — מיט די קריסטען, און אלץ וואָס איז נישטיג, אָבגעשטאנען און אָבגעלעבט — מיט די אידען. די קריסטען זיינען די סמעטענע פון דער מענשהייט און די אידען — דער אָבפאל. אין בעסטען פאל אראָבגעקומענע אריסטאָקראטען, וואָס לעבען נור אין זכות פון זייער אמאָליגען, לאנג פערגאנגענעם גלאנץ.

נאָך אזא תורה, צו וועמען דאַרף אונזער קינד געהערען?

דער ענטפער זיינען יענע העסליכע בעשעפענישען אין אונ־זער לעבען, די ליעבהאָבער פון דער רוסישער קולטור, אָנהענגער

פון דער פוילישער קולטור, פערעהרער פון דער דייטשער קולטור און — פערביסענע געגנער פון דער אידישער קולטור.

נון, זאָגט דאָ ניט אונטער דער שכל הישר, אז א ביסעלע עברי און קדיש זאָגען קען דאָ א קנאפּען בעטרעף האָבען? בעט זיך דאָ ניט פון זיך אליין, אז אנטקעגען זייער געשיכטע זאָלען מיר מיט אונזער געשיכטע ארויס? פארוואָס זאָלען מיר ניט פאנאנ־דערוויקלען אונזער געשיכטע פאר אונזערע קינדער און הייסען זיי דאָרט לעזען א ו נ ז ע ר אמת, ד ע ם א מ ת? פארוואָס זאָלען מיר דערלאָזען, אז פאר אונזערע אייגענע קינדער זאָלען מיר ערשיינען אין אזא נישטיגער, אין אזא בעליידיגענדער ראָלע? למאי זאָלען מיר זיך לאָזען פערדרענגען אין הינטערגרונד, ווארום זאָלען מיר ליעגען אונטער'ן באנק?

הערען מיר זיך צו צו אונזער געשיכטע מאכט זי אונז אונגע־פעהר אזעלכע קאָמפּלימענטען:

„ווענען דער עפּאָכע פון אָנהויב עלפטען ביז'ן אָנהויב דריי־צעהנטען יאהרהונדערט לאָזט זיך זאָגען, אז אלעס שעהנעס, הויכעס און בעפרייענדעס, וואָס ליעגט אין דער אויסבילדונג פון דעם מענשליכען גייסט איז אין יענער עפּאָכע געפּפלעגט און געשאַפען געוואָרען פון אידישע דענקער. אויפ'ן אלגעמיינעם קולטור־לייטער זיינען די אידען געשטאַנען די ערשטע, נאָך זיי די מחמדאנער, און צולעצט — די קריסטען, אויב דיזע האָבען איבערהויפּט פערנו־מען וועלכען עס איז שטאַפּעל". (גרעץ.)

דאָס איז א מאָמענט ארויסגעהאַפּט כלאחר יד פון דער אי־דישער געשיכטע. איינער פון פיעלע, און אסור אויב ס'איז דאָ וואָס זיך דערמיט צו שעהמען פאר אונזערע קינדער.

און אויב א ז ע ל כ ע ס איז דאָ ווענען אונז צו זאָגען און די גוים, אין זייער געשיכטע לערנען, זאָגען עס ניט — דאַן פ ע ל־ ש ע ן זיי פּשוט די געשיכטע, זיי פעלשען זי בכיון אונז צו דעגראַדירען, צו מאַכען צו קליין־געלט אונזער ווערטה און צו נישט אונזער בעדייטונג.

לערנען אונזערע קינדער די געשיכטע פון די קרייץ־פאָהרער, צום ביישפּיעל, אין זייער, דער גוי'אישער בעלייכטונג, דאַן איז האָטש נעהם און שפּרינג קדוש! א קליינינקייט, די קדושה, דער

רעליגיעזער עקסטאז צו וועלכען די קריסטליכע וועלט האָט, ווי איין מאַן, זיך דערהויבען! קינדער האָבען דאָך די וויעגען פער־לאָזען און אַוועק אין היילינגען קריעג, דעם געטליכען קבר פון די הענד פון די אונגלויביגע סאַראַצענער אַרויסצוראַטעווען. און רעדט אונזער קינד וועגען דיזער צייט, ווערט עס דורכגעדרונגען מיט אַ היילינגען יראת הכבוד און אַ טיעפער הכנעה פאַר די קריסטען, וועלכע זיינען געוועזען פעהיג זיך צו דערהויבען צו אַזאַ גרויס, צו אַזאַ הויכער רעליגיעזער בעגייסטערונג, צו אַזאַ טיעפער ענטציקונג פון היילינגען גלויבען.

און עס ווייס ניט אונזער קינד, אַז יעדער קרייץ־פאַהרער האָט עס געהאַלטען פאַר אַ מצוה, צוזאַמען מיט'ן קרייץ־צייכען אויף זיינע קליידער, צו טראָגען אויך אַ פלעק פון אידיש בלוט; און עס ווייס נישט אונזער קינד, אַז אידישע פרויען און טעכטער האָבען זיך שטיינער אויף די העלזער געהאַנגען און אין וואַסער אריין זיך געוואָרפען כדי ניט אַריינצופאַלען אין די הענד פון דיזע היילינגע וואָט'ס קריעגער; און אונזער קינד האָט קיין אַהנונג ניט פון די דרייצעהן הונדערט אידען, וואָס האָבען זיך איינער דעם צווייטען אויסגעקוילעט, כדי ניט אַריינצופאַלען צו די קרייץ־פאָהרער, נאָכ־דעם ווי זייער קריסטליכער בעשיצער האָט זיי געמיין פערראַטען; און עס ווייס ניט אונזער קינד, אַז הונדערטע און הונדערטע אי־דיישע קהלות זיינען חרוב ונחרב געוואָרען דורך די הענד, וואָס האָבען דעם היילינגען צלם אין היילינגען קריעג געטראָגען.

איז דען ניט די פיעל־פערשריענע „היילינגקייט" פון דער קרייץ־צוג בעוועגונג ניט מעהר ווי אַ בלאָס, אַ טויט וואָרט אין אנגעזיכט פון רעם אַקט פון יענעם אידען, וועלכער האָט ניט געקענט אויס־שטעהן די פייניגונגען פון די קרייץ־פאַהרער און האָט זיך מיט זיינע טעכטער גע'שמד'ט, אָבער אויס חרטה האָט ער געקוילעט זיינע קינדער, אונטערגעצונדען די שוהל און זיך אַליין אַריינגע־וואָרפען אין די פלאַמען, וואָס האָבען פאַרצעהרט דאָס היילינגע הויז?

און איז דען ניט די קרייץ־צוג בעוועגונג גיכער די שאַנדע, און ניט דער שטאָלץ פון קריסטענטום, ווען זי האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ פאָטער האָט בפני כל עם ועדה זיין זוהן געקוילעט, און דער זוהן אַליין האָט אויפ'ן טאַטענס ברכה אמן געענטפערט, און אַלע

פֿערזאַמעלטע האָבען זיך דערויף מיט „שמע ישראל" אין וואַסער געוואָרפֿען, כדי ניט אריינצופֿאַלען אין די הענד פֿון די הייליגע ברידער? איז ניט די גאַנצע קדושה פֿון דער קרייץ־צוג בעוועגונג א געלעכטער געגען דיזען מארטירערטום?

אָבער פֿון דיזע פֿאַקטען, פֿון ד ע ר בעלייכטונג אויף דער קרייץ־צוג בעוועגונג, ווייסט ניט אונזער קינד. מיר לערנען עס איהם ניט, און ז י י וועלען עס דאָך פֿערשווייגען, ווייל קיינער וועט זיך דאָך אליין אין פּנים ניט שפּייען.

און ווי מיט דער קרייץ־צוג בעוועגונג, אזוי איז מיט פֿיעל, פֿיעל געשעהענישען אין דער וועלט־געשיכטע, אזוי איז מיט דער ג אַ נ צ ע ר א ו י ף פ אַ ס ו נ ג פֿון דער געשיכטע.

יאָ, ווען מיר וואָלטען אונזער קינד אונזער געשיכטע געלערנט און ניט נור די וואָס איז ענטהאַלטען אין תנ"ך, נור פֿאַר דער גאַנצער לאַנגער צייט ביז היינטיגען טאָג, וואָלטען מיר ביי איהם אין א גאַנץ אַנדער ליכט ערשיינען, און זיי, די גוים, וואָלטען אויך אין אַן אַנדער ליכט ערשיינען. דאָרט וואָלט אונזער קינד איינגעזעהן, אַז עס איז לגמרי ניטאָ וואָס זיך מיט אונז צו שעהמען און מיט די קריסטען זיך איבערנעהמען. און דער עיקר, אַז מיר זיינען נאָך ווייט ניט אויסגעשפּיעלט, מיר פֿיהרען נאָך אַ נאַציאָנאַלען לעבען, און קעמפּפֿען נאָך העפֿטיג פֿאַר אונזער לעבען אלס נאַציאָן.

ווען אונזער חדר און תלמוד־תורה זיינען אויסשליסליך רע־ליגיעזע חנוך־אנשטאַלטען האָט מען דאָך געמעגט ערוואַרטען, אַז חאָטש אַ רעליגיעזען אונטערריכט זאָלען זיי געבען א טיכטיגען, אַ גרינטליכען, אַ ממשות'דיגען. מען האָט דאָך געמעגט ערוואַרטען, אז נאָכ'ן ארויסגעהן פֿון חדר און תלמוד־תורה זאָל אונזער קינד האָבען חאָטש וועלכען עס איז העכערן בעגריף וועגען אידישקייט, כאָטש וועלכע עס איז פֿערשטענדניש פֿאַר'ן ברייטען אומפֿאַס פֿון דער אידישער אמונה, חאָטש וועלכע עס איז בעקאַנטשאַפֿט מיט דעם גאַנג פֿון איהר ענטוויקלונג, מיט די פֿערשיידענע שטרעמונ־גען אין איהר, און מיט די וואונדערליכע ריעזען־פּערזענליכקייטען, וואָס האָבען זי אויסגעשטאַלטעט.

אָבער וואָס ווייסען אונזערע קינדער, נאָך יאָהרען פֿון רעלי־גיעזען אונטערריכט, וועגען דער אידישער רעליגיאָן אלס גרויסע

וועלט־אנשויאונג, אלס יסוד פון אייביגע אמת'ן, אלס גרונד פון יעדער מענשליכער מאראל, אלס קוואל פון אזוי פיעל שעהנעס און גרויסעס אין דער מאדערנער ציוויליזאציאן? וואס איז זיי בעקאנט, נאך יאהרען פון רעליגיעזען קנעלען, וועגען די פרושים און צדוקים, וועגען די קראימער, וועגען דער קבלה, וועגען חסידיזם א. ז. וו. און וו.? וואס ווייסען זיי פון דעם רמב"ם, פון ר' ישראל בעל־שם טוב, פון דעם ווילנער גאון?

ווייט זיינען זיי פון דעם ווי דער הימעל איז פון דער ערד, נאקעט זיינען זיי דערפון ווי די מאמע האט זיי געהאט — ווייל זיי לערנען קיין אידישע געשיכטע ניט.

אבער וואס פאר א גליקליכערע מערכה האט דערפאר דאס קריסטענטום ביי אונזערע קינדער! פון דעם ערשטען מאמענט וואס דאס קריסטענטום טרעט־אויף אויף דער סצענע פאלגט איהם אונזער קינד נאך פוס־טריט ביז צו אונזערע אייגענע טעג, ווייסט אלע שטופען פון זיין שטייגען, קען אוועקשטעלען דעם פינגער אויף יעדער אבצווייגונג זיינער, ווייסט צו בערטייטשען וואס איז קאַ־טאליציזם, וואס איז פראטעסטאנטיזם, וואס איז יוניטאריאניזם. עס ווייס אייך צו דערצעהלען ווען און ווי אזוי אלע שטרעמונגען און בעוועגונגען אין קריסטענטום זיינען ארויסגעוואקסען און אין וואס זיי אונטערשיידען זיך; עס איז בעהאוונט אין אלע גרויסע מחלוקות'ן און חלוקי־דעות צווישען די גדולים פון דער קירכע, אין אלע קעמפפע צווישען קירכע און שטאאט; עס ווייס וואס עס איז געווען דער אויפטהו פון דזשאהן וויקליף, און די פערדינסטען פון לוטהער און די עובדא פון קאלווין, און זווינגלי און הוס און לאיאלא — און פון וועמען ניט?

און ניט דורך רעליגיעזען אונטעררריכט — מען לערנט דאך ניט קיין רעליגיאן אין די אמעריקאנער שוהלען! — נור דורך געשיכטע לערנען.

און ניט נור וואלט גרויס געווען די בעדייטונג פון אונזער געשיכטע פאר אונזערע קינדער אלס געגענגיפט צו דער גוי'אישער געשיכטע, נאר אויך, און דער עיקר, אלס ערציהונגס־מיטעל אין זיך אליין. ווארום וואו איז גאר דער מוח וואס זאל אימשטאנד זיין ארומצוכאפען אין איהר גאנצער גרויס יענע גוואלדיגע השפעה,

וואָס אונזער געשיכטע איז בכח אויסצואיבען אויף די וואָס וואַנד־לען דורך איהרע בלעטער? האָט דען א שיער איהר רייכקייט, איהר גרויסקייט? קען נאָך זיין עפּעס אנציהענדער, עפּעס פּאַקענדער פאר א קינדערשער נשמה, פאר א יונג, ווייך הערצעלע? אלץ וואָס די פאַנטאַזיע קען נור בעשאַפען, אלץ וואָס קען נור זיין ערהאַבען, נאָבעל, פּאַטהעטיש און טראַגיש, אלץ וואָס איז נור מענשליך־ריה־רענד, איז דאָך פון דער פולער האַנד אָנגעוואָרפען איבער׳ן גאַנצען וועג פון אונזער לאַנגען מאַרש דורך די דורות. און ווען אונזער קינד וואָלט דאָס אַלעס איבערגעלעבט, ווען דאָס אַלץ וואָלט דורכ־געגאַנגען דורך זיין מוח, וואָס פאר א טיעפע שפּורען וואָלט עס געלאָזען אין זיין נשמה!

ביי אונז ווייס מען אָבער ניט פון געשיכטע לערנען. די גוים קריכען פון דער הויט אריינצוברייננגען עפּעס שעהנקייט אין זייע־רע געשיכטעס, און ביי אונז איז עס דאָ אין איבערמאָס און מיר ווייסען עס ניט אָבצושאַצען. און עס איז נאָר א שאָד וואָס אונזער געשיכטע איז אונזערע: וואַלגערט זיך אָהן נוצען אזא רייכער אוצר, געהט לאבוד אזא גוואַלדיגער רייכטהום. „זיי“ וואָלטען דאָך גע־וואוסט ווי עס אויסצונוצען.

און דאָס מזל פון אונזער געשיכטע איז אויך דאָס מזל פון אונזער ליטעראַטור. ביי אונז האָט מען נאָך ניט בעגריפען דעם גרויסען כח פון ליטעראַטור אַלס ערציהונגס־מיטעל און מען לאָזט ניט צו אונזערע שרייבער צו אונזערע קינדער. און „אָנקעל טאָמ׳ס קעבין“, ווייט ניט קיין ערשט־קלאַסיגע ליטעראַטור, האָט דאָך די נעגער פון שקלאַפעריי בעפרייט!

די נשמה פון דעם פאָלק בלייבט פאר אונזער קינד אויף איי־ביג פערשלאָסען ווען מיר לערנען עס ניט ארונטערצולעזען זי פון די בלעטער פון אונזער ליטעראַטור. און די נשמה פון אונזער קינד בלייבט הייל און נאַקעט פון יעדען אידישען אינהאַלט ווען די לי־טעראַטור וועבט זי ניט ארום מיט דער אידישער כשר׳ער פּאָדים, פילט זי ניט אָן מיט בילדער פון אידישען לעבען, בעזעצט זי ניט מיט פאָרשטעלונגען פון אידישע טיפּען, און בעהויכט זי ניט מיט אידישען גלויבען און האָפען, אידישע פריידען און טרייסט, מיט אידישע טרוימען און שטרעבונגען. עס קען קיין באַנד, קיין פ ע ר־

ש ט ע נ ד נ י ש ניט זיין צווישען די עלטערן און די קינדער ווען די ליטעראטור בעקענט זיי ניט מיט איינאנדער, ווען זי פלאנצט ניט אריבער דאס שעהנסטע און בעסטע פון די עלטערן אין די הערצער פון די קינדער.

און איך מאטער זיך צו פערשטעהן און קען בשום אופן ניט איינזעהן, ווארום אייגענטליך קען אפילו אין א שטרענג־רעליגיע־זער ערציהונג די ליטעראטור ניט אריינגענומען ווערען. די גאנצע וויכטיגקייט פון יודענטום, ווי פון יעדער רעליגיאן בכלל, בעשטעהט דאך, אייגענטליך, דערין, וואס פאר א מ ע נ ש ע ן עס איז מסוגל געווען צו בעשאפען, ווי אזוי עס האט בעאיינפלוסט זייער לעבען, ווי אזוי עס האט אויסגעלייטערט זייערע נשמות. און וואו געפינט זיך דען דאס אלעס אויסער דער ליטעראטור? ווי אזוי אנדעריש זאלען אונזערע קינדער אונז לערנען קענען?

ווען אונזערע קינדער דערקענען אונז ניט דורך אונזער ליטע־ראטור, שעפען זיי זייערע ידיעות וועגען אידען פון דער ענגלישער ליטעראטור. וואס זשע פאר א אידען בעגעגנען זיי דארט? זיי בעגעגנען מארלאו׳ס „איד פון מאלטא“ — די פערקערפערונג פון אל דאס זינדיגע, אל דאס ניעדריגע און געמיינע, אל דאס העסליכע און עקעלהאפטע פון דעם מענשען ווען ער איז מעהר חיה ווי מענש; זיי קענען שעקספיער׳ס בלוטיגען שיילאק; זיי זעהען דיקענס׳עס קעשענע גנב פייגין, זיי געפינען דארט „פאטאש און פערלמוטער“, און אויף די ברעטער פון די טהעאטערע בעגעגנען זיי אפט קאהן דעם פייער־מאכער, און אן אנדערן—דעם אונטערצינדער. פון וואנען זאלען זיי וויסען אז דאס זיינען ניט קיין אידען? איז א חדוש וואס אונזערע קינדער דערווייטערן זיך פון אונז? און איז עס א וואונ־דער וואס עס געפינען זיך ביי אונז אזעלכע, וואס גלויבען אפילו אין דעם עלילת דם?

אונזער ליטעראטור אבער וואלט זיי פון גאנץ אנדערע אידען דערצעהלט. זי וואלט זיי געוויזען יענע אלטיטשקע, וואס לעבט פון פעדערען פליקען און דאך בעזארגט זי ארעמע איינגלעך מיט ציצית, שטריקט זאקען פאר ישיבה־בחורים, קאכט טעפלעך פאר פרושים, נייהט צוויי מאל אין יאהר א נייעם פרוכת אין שוהל, און איז זיך עוסק מיט הכנסת כלה און בקור חולים; זי וואלט פאר

זיי געמאָלען יענקיל דעם שניידער, וואָס דאַרף אין א „קורץ פריי־טאָג“ ענדיגען דאָס קלייד פאַר נחמה דער נגידה, אָבער ער וואַרפט אַוועק די אַרבייט און לויפט בעזאָרגען דריי אורחים מיט שבת; זי וואָלט זיי בעקענט מיט יענעם קבצן וואָס האָט מפרנס געווען צעהנדליגע אָרעמע לייט, און ווען עמיצער האָט איהם אנשטאָט א נדבה געגעבען א פּאַטש האָט ער גוטמוטהיג געזאָגט: נון, דאָס איז פאַר מיר, איצט גיט עפּעס פאַר מיינע אָרעמע לייט; זי וואָלט זיי דערצעהלט פון יענער אידישער טאָכטער, וואָס די „קריסטען“ האָבען זי פער'משפּט צום טויט דורך צובינדען צום עק פון א צעווילדעטען פערד, און איהר לעצטע בקשה איז געווען — שפּיל־קעס, איהר קלייד און איהרע פיס איינצושפּיעלען, כדי דאָס לייב זאָל זיך חלילה, אין ווילדען גאַלאָפּ פון פערד, ניט ענטבלויזען; זי וואָלט זיי געלאָזט אריינקוקען אין הארצען פון יענעם אידען, וואָס האָט גלייכגילטיג צוגעזעהן ווי רויבער נעהמען־צו זיין גאָלד און זילבער און דימענטען און בריליאַנטען, אָבער ער איז געלאָ־פען אויפ'ן מעסער ווען זיי האָבען מיט זייערע הענד געוואָלט אָנ־ריהרען א זעקעלע ארץ־ישראל ערד; זי וואָלט פאַר זיי אַנטפּלעקט די נשמה פון יענעם אידען, וואָס מען טרייבט דורכ'ן סטראָי, צוויי־שען צוויי שורות סאָלדאַטען, וועלכע בייטשען אונערבארמליך זיין נאַקעטען קערפּער, אָבער ווען איין רוט רייסט איהם ארונטער די יאַרמעלקע פון קאָפּ, קעהרט ער זיך אום, אונטער'ן רעגען פון שמיץ, אויפצוהויבען זי, כדי ניט צו געהן בגלוי ראש; זי וואָלט זיי בעקענט מיט האָדלען פון לעמבערג, יענע נאָבעלע אידישע טאָכטער, וועלכע, אַן אונשולדיגע, א ריינע, נעהמט אויף זיך די שולד פון א מאָרד כדי צו ראטעווען אן עדה אידען פון אן עלילת דם; זי וואָלט זיי געוויזען — אָבער צי איז דען דאָ א שיעור, אן ערך צו אָט די אַלע ריינע, הייליגע נשמות, צו יענע וואונדערליכע פאָלקס־טיפּען, וואָס ס'האָט געשוויבעלט און געגריבעלט מיט זיי אין אי־דישען לעבען?

און די אידישע ליטעראַטור האָט זיי אַלע פערצייכענט. מען קען זיי אַלע זעהן אויף איהרע בלעטער. און זי לערנט זיי צו ליע־בען, צו אכטען, זי לערנט זיי צו פערשטעהן.

דוכט זיך אז די גלויביגע אידען האָבען גאָרניט געגען אָט

די אַלע, פאַרוואָס זשע זאָלען אונזערע קינדער פון זיי ניט וויסען?

וועה, אז ניט צו מענדעלי'ן געהען אונזערע קינדער דעם אידען לערנען צו קענען, ניט צו פּרץ, שלום־עליכם, אש, דינעזאָהן, רייזין, נור צו מאַרלאָו, דיקענס, סקאָט!

ווען אפילו אונזער לעבען וואָלט דורך און דורך אידיש געוועזען, איז אויך נויטיג די ליטעראַטור, וואָס זאָל אויסטייטשען די שעהנקייט פון דעם דאָזיגען לעבען, וואָס זאָל אויסשיילען דאָס עדעלע קערנדל פון דער מגושם'ער שאָלעכץ, די אויג זאָל עס בעסער קענען אָננעהמען, דאָס הארץ זאָל עס שטאַרקער געלוסטען. בפרט נאָך ווען אונזער לעבען דאָ איז מיט א דיקער פלאָך פון שטויב בעדעקט, וואָס האָט אויסגעגעסען יעדע שעהנקייט, אויסגעטריקענט יעדע ביסעל זאַפט פון איהם.

נעהמט דעם שבת. דער שבת — דאָס איז דער שעהנסטער שטיין אין דער אידישער קרוין, און די העכסטע יצירה פון דער ציוויליזאַציאָן. און אין האַלטען דעם שבת האָט דאָס אידישע פאָלק זיך אויפגעהויבען צו דער העכסטער מדרגה פון קדושה, אין וועלכער א מענש איז פעהיג זיך אריינצולעבען. דער בעגריף פון דעם שבת צוזאַמען מיט די פאָרמען, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אויסגעדיכטעט דיזען בעגריף אויסצודריקען, דיזע השגה פון דעם שבת איבערצולעבען, שטעלען מיט זיך פאָר דאָס שעהנסטע קונסטווערק אין בעזיץ פון דער מענשהייט.

אין אמעריקא איז דער שבת חרוב געוואָרען. די אורזאכען איז ניט דאָ דער פלאַץ צו בעטראַכטען. דער פאַקט אָבער איז, אז אונזער קינד דאָ האָט ניט קיין שבת. אָבער פאַרוואָס זשע זאָל עס כאָטש ניט וויסען וואָס דער שבת איז געווען? עס איז דאָך א אידיש קונסט־ווערק, מיט וועלכען עס מעג שטאָלצירען, כאָטש עס רוהט שוין אין דער פערגאַנגענהייט. גרויסען מיר זיך דאָך מיט דער העלדישקייט פון די מכבי'ער און ציהען נאָך עד היום בעגייסטערונג דערפון, כאָטש עס ליעגט שוין אין דעם וויטען עבר!

און זעהן דעם שבת, ממש זעהן בעשיינפערליך, אין זיין גאַנצער פּראַכט און קדושה, קען עס דאָך אין דער אידישער ליטעראַטור. אין די ווערק פון מענדעלי, פּרץ, אש, לעבט נאָך דער שבת און וועט אייביג לעבען. און אויב עס איז דאָ א מעגליכקייט דעם

שבת אין היגען לעבען אריינצופיהרען, דאַן קען דאָ די ליטעראַטור זיין דער מעכטיגסטער פאַקטאָר. קיין זאַך וועט דעם שבת ניט קענען אזוי בעליעבט מאַכען, ווי א קינסטלעריש ווערק.

ווערט אָבער די ליטעראַטור, די קינסטלערישע ווערק, אין אונזער ערציהונג פערזעהן.

דערפאַר אָבער זוכען די גוים זייער זונטאג ביי אונזער קינד בעליעבט צו מאַכען. מען לערנט צ. ב. אונזער קינד אין היי־סקוהל בוירנס׳ „קאטער׳ס סאַטורדעי נייט“, א פּאָעמע וואָס בעזינגט אזוי שעהן, אזוי הערליך, אן ערב זונטאג פארצייטענס אין דער אָרעמער האַטקע פון א טעפּער אין סקאָטלאַנד. אונזער קינד ווערט ענטציקט פון יענע אָרעמע פּשוט׳ע מענשען, וואָס קענען ווערען אזוי שעהן, אזוי הייליג אין דעם טאָג פון זייער רוה. און עס זעהט אין דעם זונטאג א ברכה.

דאָך איז דער זונטאג נור א שוואַכער אָבגלאַנץ פון דעם שבת.

אָבער, בוירנס אונזער קינד וועגען דעם זונטאג — יא, און ביאַליק וועגען דעם שבת — ניט.

פאַרוואָס זשע ניט? פאַרוואָס זאָלען אונזערע קינדער לער־נען גאָלדסמיטה׳ס „דעזוירטעד ווילעדזש“, און האָבען פאר זיך דאָס בילד פון א פּאַרצייטיגען ענגלישען דאָרף, און זאָלען ניט וויסען פון שלום אש׳ס „שטעדטעל“, וואָס איז אונזער שטעד־טעל אין וועלכער מיר אַליין האָבען נאָך געלעבט? פאַרוואָס זאָלען זיי קענען מילטאָן׳ס „ליסידאס“ און ביאַליק׳ס „מתמיד“ ניט? פאַר־וואָס — פאַרוואָס זאָלען זיי וויסען ווי עס לעבען די ווילדע אין אפריקא, די עסקימאָסען אין קאַלטען צפון, א חיה אין וואַלד, און זאָלען ניט וויסען ווי עס האָבען געלעבט און עס לעבען זייערע עלטערן, מיר?

נ.

# די אידישע ערציהונג און די אידישע שפראַכען

---

מיר האָבען דעם פרומען וואונש, אז אונזערע קינדער זאָלען פאָרטזעצען אונזער לעבען, אָבער מיר לאָזען זיי פערגעסען אונזער שפּראַך, אידיש, און מיר בעגרייפען ניט, אז אָהן א אידישער שפּראַך איז אונמעגליך א אידיש לעבען.

ווען מיר פרעגען סתם: וואָס קען זיין דאָס שטאַרקסטע מיטעל, וואָס זאָל אָבהיטען אונזער גייסטיגע גאַנצקייט אין גלות, וואָס זאָל אונזער „איך" ארומציהען מיט יענעם מאַגישען קלייד, אויף וועלכען די פיילען פון אסימילאַציאָן זאָלען קיין שליטה ניט האָבען, מוז דער ענטפער זיין: א שפּראַך, אַן אייגענער, לעבעדיגער לשון, אין וועלכען אונזער לעבען זאָל זיך אויסדריקען, אונזער „איך" זאָל זיך בעהויפּטען; אויף וועלכען יעדער איד זאָל, דורך דעם בלויזען פאַקט פון זיין רעדען, יעדע רגע פון זיין לעבען זיין אידישקייט ארויסשטעלען, אונטערשטרייכען, פאַר די אויגען האַלמען.

קיין מעהר ווירקזאַמעס מיטעל קען ניט זיין. מיר קענען לאַנג קיין קיום ניט האָבען ווען מיר לאָזען זיך אזוי אָהן ווידערשטאַנד ארויפדריקען פרעמדע קולטורען און שפּראַכען. א באַריער מוז גע־שטעלט ווערן צווישען אונז און די גוים, א גייסטיגע געטהאָ דאַרפען מיר זיך בעשאַפען, וואו אונזערס זאָל מיט בעזונדערער זאָרג געפּפלעגט ווערן, וואו אלע אונזערע גיטער זאָלען געהיט ווערן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. און דיזער באַריער, דיזע נייע געטהאָ, אין וועלכען אונזער גייסט זאָל זיך איינציהען און איינשליסען געגען דער השפּעה פון דער פרעמדער גאַס, קען זיין נור אַן איי־גענע, בעזונדערע, לעבעדיגע שפּראַך.

וואָרום די שפּראַך איז פון איין זייט דער איינציגער געביעט וואוהין די הערשענדע קולטור קען זיך ניט אריינחאַפּען און אָנ־

הויבען בעל הבית'עווען, און פון דער אנדערער זייט איז זי דער רעזערוואר, וואס ציהט אין זיך איין אלץ וואס קוועלט ארויס פון די טיעפּענישען פון דעם פאלק'ס נשמה, און צושטראמט עס צוריק איבער יעדען איינצעלנעם גליעד, און גיט איהם זאפט, און גיט איהם חיות. די שפּראך איז דער ליים, וואס האלט צוזאמען דעם בנין פון דעם פאלק'ס לעבען.

און ווען ביי אונז וואלט ניט געווען קיין שפּראך, אויף וועלכער לפּחות דער גרויסער רוב פון אידישען פאלק זאל רעדען און זיין לעבען אויסדריקען; און ווען עס וואלט נור מעגליך געווען אריינצולעגען א שפּראך אין מויל פון א פאלק, וואלט אונבעדינגט נויטיג געווען, אין דיזער צייט פון אויפלעזונג, אזא שפּראך קינסטליך צו בעשאפען, כדי די צושאטענע גליעדער פון דעם אידישען גוף צו איינאנדער צו באהעפטען, זיי צוזאמענהאלטען, און בילדען א וואנד צווישען אונז און דער הינרייסענדער וועלט. א אידישע עספּעראנטא וואלט געדארפט בעשאפען ווערען, כדי א איד פון איין גלות־לאנד זאל זיך קענען פערשטעהן מיט א אידען פון אן אנדער גלות־לאנד; כדי דאס, וואס עס דענקט און דיכטעט און שאפט א איד אין איין עק וועלט, זאל האבען א צוטריט צו דעם אידען אין אנדערן עק וועלט, און אזוי זאל א לעבעדיגער באנד עקזיסטירען צווישען די ביידע, זייער גייסטיגע קרובה'שאפט זאל אויפגעהאלטען ווערן, דער אידישער פאדים, וואס פערבינדט זיי, זאל, חלילה, ניט איבערגעריסען ווערן...

ווען עס וואלט ניט געווען... אבער מיר האבען אזא שפּראך. א דאנק געוויסע געשיכטליכע בעדינגונגען, האט זיך ביי אונז אנגענומען און אויסגעבילדעט אן אייגענע שפּראך, אידיש, אויף וועלכער עס רעדען און לעבען און שאפען און בעהויפּטען זיך ניינציג פּראצענט אידען אין גאר דער וועלט, זאלען מיר מזלזל זיין מיט אזא מעכטיגער קולטור־קראפט? דארפען ניט אלע אונזערע כחות געשטעלט ווערן אין קאמפּף פאר דיזער שפּראך? דארף ניט אלעס אנגעווענדט ווערן צו דערהאלטען זי אין מויל פון פאלק?

ווער, אין אונזערע צייטען, איז אזוי בלינד ניט צו זעהן און אזוי טויב ניט צו הערען די גרויסע ראלע וואס עס שפּיעלט די

שפּראַך ביי אַ פאָלק, און די מעכטיגע שטימע וואָס זי לאָזט הע־
רען אין זיין לעבען?

בעזיעגט איין פאָלק אַ צווייטעס און וויל עס פערשלינגען —
וואָס איז זיין ערשטעס קאַמפּפס־מיטעל? אונטערדריקען דעם בע־
זיעגטענס שפּראַך און ארויפצווינגען אויף איהם זיין אייגענע. ער־
וואַכט אַ פאָלק צו נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין — אָן וואָס כאַפּט
זיך עס צום אַלעם ערשטען אָן? אָן זיין שפּראַך און ליטעראַטור.
דער פעלקער־קאַמפּף אין עסטרייך, רוסלאַנד און איבעראַל — ארום
וואָס דרעהט ער זיך? ארום דער שפּראַך. ווילען די פראַנצויזען
זייערע פליגעל איבער אפריקא פערשפּרייטען — שיקען זיי פאַר־
אוים די פראַנצויזישע שפּראַך. ווילען די דייטשען אויסברייטען
זייער איינפלוס איבערן אָריענט — בעציהען זיי דאָס לאַנד מיט
אַ נעץ פון דייטשע שוהלען. ווילען די אמעריקאַנער, אַז מיר און
די פערשיידענע פעלקער, וואָס שטעלען צוזאַמען דאָס אַמעריקאַ־
נישע רייך, זאָלען צושמאָלצען ווערן אין זיי — לערנען זיי אונז
ענגליש. און ווילען, ענדליך, אונזערע אסימילאַטאָרן מיר זאָלען
זיך פערמישען מיט די גוים — קעמפּפען זיי אויסצוראָטען אידיש,
איז די אידישע שפּראַך זיי אַ דאָרן אין אויג.

עס איז גענוג אַ קוק צו טהאָן, וואָס פאַר אַ העפּטיגען קאַמפּף
עס פיהרען פאַר זייערע שפּראַכען פעלקער, וואָס לעבען אונטער
בעסערע בעדינגונגען ווי מיר, וואָס וואוינען אויף אָן אייגענעם
באָדען און פיהרען אַ פּאָליטיש און נאַציאָנאַל לעבען, און די שבראַך
איז ניט זייער איינציגער אָנהאַלט, כדי זיך צו איבערצייגען וואָס
פאַר אַ מעכטיגער פאַקטאָר אידיש איז אין אונזער לעבען און ווי
ווייט אונזער לעבען איז אָבהענגיג אין אידיש.

אַ קליין אונבעדייטענד פאָלק זיינען די פלאַמאַנען, וואָס
אינאיינעם מיט די וואַלאָנען שטעלען זיי צוזאַמען דאָס בעלגישע
פאָלק. דורות לאַנג זיינען די פלאַמאַנען כמעט ווי אונטעריאָכט
געווען צו די וואַלאָנען, וועלכע האָבען געוואָלט אויסקאָרטשען פון
זיך פראַנצויזען. די פלאַמאַנען האָבען אָבער געוואָלט בלייבען זיי
אַליין און אויף זיך דערשלאָגען צו אַ גלייכען שטאַנד אין לעבען
מיט די וואַלאָנען. און עס האָט זיך צופלאַקערט אַ לאַנג־יעהריגער
הייסער, ברענענדיגער קאַמפּף. אָבער אין וואָס האָט זיך דיזער

קאַמפּף אויסגעדריקט? ער האָט זיך אויסגעדריקט אין א קאַמפּף פאַר דער אַנערקענונג פון זייער לשון, פאַר דער אַנערקענונג פון דער אָרעמער, פערשפּאָטעטער פלעמישער שפּראַך. „אין פלאַנדריען — פלעמיש" — דאָס איז געווען דער קאַמפּפס־רוף. און ווען דער שטרייט איז געוואונען געוואָרן און דער ציעל איז דערגרייכט געוואָרן און דער פלעמישער גייסט איז דערהויבען געוואָרן, און דאָס פלעמישע פאָלק האָט געשטעלט א מאָנומענט דעם שעפּפער פון דער פלעמישער ליטעראַטור און דעם טרעגער פון דער אידעע פון דער פלעמישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, האָט עס קיין שענערען אויפשריפט ניט געפונען ווי: ד ע ם ו ו אָ ס ה אָ ט ז י י ן פ אָ ל ק געלערענט לייענען און שרייבען אויף זיין שפּראַך.

וואָס פאַר א שעהנע, וואָס פאַר א טיעפע, וואָס פאַר א ע ה ר ל י כ ע, פון דעם פאָלק׳ס הארצען אויסקוועלענדע פאָלקס־דיכטונג!

פון אַלטע צייטען אָן איז די ליטעראַטור שפּראַך פון די נאָרוועגער געוועזען — פיניש. ווען אָבער דער נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין פון די נאָרוועגער איז פערטיעפט געוואָרן און ס׳האָט ערוואַכט אין זיי דאָס שטרעבען ארויסצוברענגען זייער נאַציאָנאַלאייגענטימליכעס אין שאַרפערן רעליעף, האָבען זיי אָנגעהויבען זייער אייגענע, די נאָרוועגישע, שפּראַך צו קולטיווירען, און אַלץ וואָס דער נאָרוועגישער גייסט בעשאַפט ווערט אין דיזער שפּראַך אַריינגעגאָסען.

פּויליש איז געווים א געהויבענערע שפּראַך, מיט א סך א גרעסערן יחוס, ווי ליטוויש. נאָכמעהר, די ליטווינער האָבען דער פּוילישער ליטעראַטור געשענקט מאַנכע פון איהרע גרעסטע גאונים. זיינען זיי אָבער איצט, ווען זיי ווילען זייער אייגען נאַציאָנאַל לעבען פערטיעפען, מוחל דער פּוילישער שפּראַך איהר יחוס און די גאונים, וואָס זיי האָבען איהר געגעבען, און מיט א הייסער, ברענענדיגער ליעבע גיבען זיי זיך זייער אייגענער ליטווישער פּויערים־שפּראַך איבער.

דאָס זעלבע איז מיט די רוטענער, לאַטישען, מאַדיאַרען, טשעכען, אוקראַינער א. ז. וו. אומעטום און איבעראַל, וואו נור א שוואַך אונטערדריקט פאָלק הויבט דעם קאָפּ אויף און שטעלט

זיך געגעזן דעם מיטרייסענדען שטראָם פון א פרעמדער שטאַרקע־רער קולטור, קנוילט זיך עס אויף אין זיין שפּראַך ווי אַן איגל אין זיינע נאָדלער און ווי א טשערעפּאַכע אין איהר שאָל, און וועהרט זיך געגען "שונא.

ווארום א שפּראַך איז ניט בלויז א צונויפזאמלונג פון טויטע ווערטער, וואָס האָבען נ.ר א טרוקענעם טייטש. ניין, א שפּראַך איז א לעבעדיגע זאך ,א לעבעדיגער אָרגאַניזם, ווי איך און איהר, און שניידט זי, וועט פון יעדען וואָרט לעבענסזאַפט, ווארעם בלוט, רינען, און ווען עס ענטוויקעלט זיך א שפּראַך ביי א פאָלק, וואַקסט זי זיך מיט איהם צוזאמען, גיסט זיך מיט איהם צונויף אין איינס, זייגט איין אַלע זיינע בעזונדערע איינגענשאפטען, שפּיע־געלט אין זיך אָב זיין גאַנצען לעבענספיהר און ווערט די כלי פון זיין קולטור.

פאָלק און שפּראַך — דאָס איז דער וויין און זיין כלי, דאָס געוועב און די פעדים, דאָס לייב און די הויט: צוברעכט די כלי און דערהאַלט דעם וויין, צוקט אויס די פעדים און לאָזט איבער דאָס געוועב, שינדט אָב די הויט און היט־אויף די ערשטע גע־שטאַלט!

נעהמט חאָטש אַזא אויסדרוק ווי: „די ניין טעג“. וואָס איז פאַרהאַן בעזונדערעס אין דיזע פּשוט'ע ווערטער אין זיך אַליין? גאָר ניט, איינפאַכע, אַלטעגליכע ווערטער, אָבער צוזאמען, וויפיעל אידיש לעבען זיי דריקען מיט זיך אויס! וויפיעל טרויעריגע גע־דאַנקען, וואָס פאַר א געדריקטע שטימונג זיי רופען אַרויס אין האַרצען פון יעדען אידען! נעהמט די זעלבע ווערטער אין ענגליש און זיי זאָגען גאָר ניט. „ניין דעיס“ איז א טויטער אויסדרוק.

און דעריבער ווען א שפּראַך געהט אוועק, שלעפּט זי מיט זיך נאָך אויף דעם אינהאַלט פון דעם לעבען, וואָס זי האָט אויסגע־דריקט, און די פרעמדע שפּראַך, וואָס פערנעהמט איהר אָרט, ברענגט מיט זיך אויף דעם אינהאַלט און די פאָרמען פון דעם פרעמדען לעבען, און דריקט זיי אַרויף אויף איהרע נייע מקבלים. און אַזוי איז מיט דער אידישער שפּראַך ביים אויפוואַקסענדען אידישען דור אין אַמעריקא אַוועק דאָס אידישע וואָרט שלח־מנות און מיט איהם אויף דער מנהג, און מיט דער ענגלישער שפּראַך איז אריינ־

געקומען דער אויסדרוק „קריסמאס פרעזענט" און מיט איהם אויך דער מנהג. מיט דער אידישער שפראך איז אוועק „אליהו הנביא" און מיט דער ענגלישער איז אונזער אליהו הנביא געווארען „סאנטא קלאוז". דער אידישער „אום גאטעס ווילען" איז געווארן דער ענגלישער „פאר קרייסט'ס סייק". ווען דער ראש־השנה הייסט „ניו יאיר", מוז ער טראגען דעם לייבטען כאראקטער פון דעם גוי'אישען ניי־יאהר, און עס קען זיך מיט איהם ניט גראמען דער אויסדרוק: אין אלול ציטערט א פיש אין וואסער. ווען שבת הייסט „סאטורדעי" דריקט ער ניט אויס קיין קדושה, ווארום „סאטורדעי" אין ענגליש איז פונקט אזא וואכענטאג, ווי, למשל, מאנטאג, און האלטען דעם שבת היילינ, איז פאר אונזער קינד, וואס רעדט ענג־ליש, דאס זעלבע וואס הייליג האלטען א מיטען־וואכיגען טאג. מיט דער אידישער שפראך געהט אוועק די מערקווירדיגע אידישע שבועה: „ווי איך בין א איד", וואס שטעלט ארויס ביי דער מינד־סטער געלעגענהייט דאס אידישקייט אלס דאס הייליגסטע אין לע־בען. אין ענגליש וועט אונזער קינד זיך קיין מאל ניט שווערען: „עז אי עם איי דזשו", פשוט, ווייל אזא אויסדרוק איז פרעמד דער ענגלישער שפראך און קלינגט ווילד.

היינט ווי גרויס איז די ווירקונג פון דער שפראך, ווי זי לערנט צו זעהן פשוט'ע זאכען פון דעם געוועהנליכען לעבען אין א אידישער ליכט, אזעלכע אויסדריקען ווי: לאנג ווי דער אידישער גלות, אן אבגעשלאגענע הושענא, הונגעריג ווי א הונד אין די ניין טעג, אויסשיטען די תוכחה אויף איכיעצענס קאפ, קליין ווי א טל־ומטר אין א קליין סדור'ל, א נאמען פון דער הפטורה, ניט מיינען די הגדה נור די קניידלאך, אפילו דער סמבטיון רוהט אום שבת, שלאגען מיט אימעצען כפרות, א חכם פון מה נשתנה, דאר ווי א פאר־א־יאהריגער לולב, אז מען האט מורא לייענט מען קריאת שמע, פורים איז ניט קיין יום טוב און קדחת איז ניט קיין קרענק — און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער, אהן א צאהל, אט דיזע אויס־דריקען וואס יעדער פון זיי שטעלט מיט זיך פאר א שטיק אידיש לעבען, און וואס אונזער קינד וואלט איינגעזויגען מיט דער אי־דישער שפראך, וואלטען איהם אימער און איבעראל ארומגערינגעלט מיט בילדער פון דעם אידישען לעבען, און זיי וואלטען איהם צו־

געבונדען צו זיינע אייגענע, צום אידישען פאָלק, מעהר ווי דער מעגליכסט בעסטער אונטערריכט אויף ענגליש.

ווארום אין ענגליש מוז אונזער לעבען ארויסקומען ווי אין א צוקרימטען שפּיעגעל. ווען „מלוה מלכה זיין" זאָל הייסען אין ענגליש: טו עסקאָרט די קווין (יהואש); א גוטער איד — איי גוד דזשו; דער שפּאָלער זיידע — די שפּאָל גרענד־פּאַטהער; ישיבה— קאָלעדזש, א. ז. וו., וועלען אונזערע קינדער ניט נור זיין ווייט פון האָבען א קלאָרען בילד וועגען דעם אידישען לעבען, נור מיר וועלען ערשיינען אין זייערע אויגען ווי ווילדע, ווי פראים.

אלע פּראָבען וואָס זיינען געמאכט געוואָרן אויף דעם געביעט פון איבערזעצען די אידישע ליטעראַטור אין ענגליש האָבען זיך ארויסגעשטעלט אלס א דורכפאל, ווייל אידישע מענשען אין דער ענגלישער שפּראך בעוועגען זיך ווי ניט אין זייער וועלט און זיי קומען ארויס קאַריקאַטורען.

א אידיש לעבען קען נור אין דער אידישער שפּראך געמאָהלט זיין.

אָהן דער אידישער שפּראך געהען פאר אונזער קינד אויף אייביג פערלאָרען אזעלכע ווערטער און בעגריפען וואָס זיינען ממש קולטור־ווערטער ביים אידישען פאָלק; ווי צ. ב. השכלה, חסידות, מה־יפית־איד, אתה־בחרתנו'ק, הבת ציון, מצות ישוב הארץ, א. אז. וו. דער גאנצער ענגלישער געניוס וועט דיזע ווערטער ניט קענען איבערגעבען אין דער ענגלישער שפּראך אין אלע זייערע שאטירונגען.

ווען מיר לערנען אונזער קינד אידיש אלס אונזער שפּראך און ווירקען אויף איהם ער זאָל זי בענוצען אין זיין פערקעהר מיט אידען, האָט שוין דיזער פאקט אליין, דאָס לערנען, א גרויסע ערציהערישע בעדייטונג. דען אונזער קינד וואָלט זיך איינגעוועהנט זיין שפּראך צו זעהן אין אידיש, און אויף ענגליש וואָלט עס אָנגעהויבען קוקען ווי אויף א פרעמדער שפּראך, וועלכע עס דארף בלויז קענען צוליעב די לעבענס־פאָדערונגען, און וועלכע וואָלט געקענט זיין אן אנדער שפּראך ווען ער וואָלט צופעליג געלעבט אין אן אנדער לאנד. און איז די שפּראך א פרעמדע, איז במילא איהר אינהאלט א פרעמדער. און נעהמט אונזער קינד אויף דאָס

וואָס עס לערנט ביי די גוים אַלס פרעמדס, איז האַלב פון דעם ענט־פרעמדענדען פער׳גוי׳אישענדען גיפט — געטויט.

מיט דער אידישער שפּראַך גיבען מיר אונזער קינד, וואָס וויל זיין אַ איד, אַ מעכטיגע, לעבעדיגע וואַפען אין האַנד. דער נאַציאָנאַליזם איז דאָך ניט מעהר ווי אַ טויטער בוכשטאַב ווען ער בלייבט בלויז אַ טהעאָריע, ווען ער שאַרפט זיך ניט, ווען ער טהוט זיך ניט. און וואָס לאָזט זיך נאָך אַזוי נוצען, וואָס איז נאָך אַזוי ווירקזאַם ווי אַ שפּראַך?

און ווען מיר לערנען אונזער קינד אידיש, פיהרען מיר איהם דערמיט אַריין אין דעם סאַמע קאָך און ברען פון דעם אמת־אידישען לעבען, דעם גאַנצען, דעם ניט־צוריסענעם, מיר זעצען איהם אַריין צווישען די ברייטע שיכטען פון דעם אידישען המון, פון וואַנען עס שטראָמט אַלעס וואָס איז געזונד און שעהן אין דעם אידישען לעבען — מיר פלאַנצען איהם איין ביי דער סאַמער קוועלע פון יידענטום.

די אידישע שפּראַך גיט איהם דאָס אידישע פאָלקס־ליעד, וואָס דרינגט אַזוי טיעף אין הארצען, וואָס נעהמט דורך די נשמה מיט איהר טיעפער בענקשאַפט, מיט דעם אונענדליכען אידישען שמערץ. אידיש פיהרט איהם צו דער אידישער פאָלקס־מעשה׳לע, צום אידישען וויץ און הומאָר, צום אידישען אַנעקדאָט, צו דער אידישער לעבענס־ווייזהייט ווי זי דריקט זיך אויס אין די טויזענדע ווערטלעך און שפּריכווערטער. מיט איין וואָרט, אידיש בינדט איהם צו צו דער לעבעדיגער אידישער ווירקליכקייט, צום אידיש דענקענדען, אידיש פיהלענדען און אידיש טהעטיגען פאָלק, מיט אונצוטרענבאַרע בענדער.

לאָזען מיר אָבער אונזערע קינדער פערגעסען אידיש, און זייער מוטער־שפּראַך וועט ווערען ענגליש, וועלען זיי ווערען פאָלשטענדיגע גויים און קיין זאַך אין דער וועלט וועט זיי ניט רעטען. אפילו רעליגיאָן אויך ניט. זאָל מען זיך אַרויסשלאָגען פון קאָפּ דעם געדאַנק אז מען קען זיין אין אַלעם אַ גוי נור אין דער אמונה א איד. די אידישע אמונה איז שוין אַזוי פיעל יאהרהונדערטען געווען אַן אויסשליסליך אידישע אמונה דאָס, אָבוואָהל זי איז אַלגעמיין מענשליך, קען זי זיך דאָך ניט צונויפּפּאָרען מיט אַ כאַ־

ראַקטער וואָס איז ניט אידיש. ישראל ואוריתא חד הוא. פון דער אַנדערער זייט זיינען די קריסטליכע קולטורען אַזוי טיעף קריסטליך, אַז ווער עס שטעהט אונטער דער השפעה פון אַזאַ קולטור שטעהט במילא אונטער דער השפעה פון דער קריסטליכער רעליגיאָן. דער בעסטער בעוויז זייגען „די פּאַלאַקען פון משה'ס גלויבען" — אידען אָנהענגער פון דער פּוילישער קולטור. אין זיך אַליין זיינען זיי דער העסליכסטער טיפּ אידען, וואָס איז ווען געוועזען, אָבער זייערע קינדער שמד'ען זיך איינגאַנצען אַוועק. די אידישע אמונה האַלט זיי ניט צו ווען זיי שטעהען, דורך דער פּוילישער שפּראַך, איינגאַנצען אונטער דעם איינפלוס פון דער פּוילישער קולטור, וואָס איז אַ קריסטליכע קולטור.

און ניט אין דער ברעמד — ניט קיין פּוילען און ניט קיין דייטשלאַנד און ניט קיין פראַנקרייך און ניט אין אַן אַנדער אָרט דאַרפען מיר געהן זוכען ראיות אויף דיזען שרעקליכען פאַקט. אין אונז און מיט אונז האָט זיך שוין די פּלאָג אַזוי ברייט און טיעף אויסגעלעגט אַז אַ בלינדער קען זי זעהן. אַ דור האָבען מיר שוין דאָ אין אַמעריקא, וואָס איז אויפגעצויגען געוואָרען אויף ענגליש און וואָס ווייס ניט פון אידיש אַלס זיין שפּראַך, און ער איז פאַר דער אידישער וועלט — געשטאָרבען. ער שטעהט אונטער דער השפעה פון דער ענגלישער שפּראַך און אַלץ, וואָס אידיש איז איהם פרעמד. ער האָט זיך ניט בעשאַפען זיין ליטעראַטור און זיין פּרעסע אין ענגליש, וועלכע זאָלען בעפרידיגען זיינע אידישע אינטערעסען און בעדערפנישען, ווייל אַזעלכע אינטערעסען און בעדערפנישען האָט ער גאָר ניט. און דאָס וואָס זיי האָבען יאָ אויף דיזען געביעט בעשאַפען בעשטעטיגט נאָר דעם פאַקט: עס איז כמעט אָהן אויסנאַהמע — אסימילאַטאָריש.

די אידישע שפּראַך איז איינע פון די גרעסטע אידישע קולטור־שעפּפונגען אין גלות. זינט די אידען האָבען אויפגעהערט צו רעדען העברעאיש האָט דער אידישער שפּראַך־געניוס, די בעגאַבטקייט פון דעם אידישען פאָלק פאַר שפּראַך־שאַפונג, געדרימעלט. ביז זיי האָבען זיך אָנגעשטויסען אין דער דייטשער שפּראַך און זי איבערגענומען און אין פערלויף פון איינינגע יאָהרהונדערט זי אַזוי אומגעשאַפען און צוגעפּאַסט צו זייער איינענעם גייסט אַז זי אונ־

טערשיידט זיך פון דער דייטשער שפּראַך אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל דער אידישער כאַראַקטער איז אַנדערש פון דעם דייטשען. אין קיין שפּראַך, וואָס ס׳איז די אידען, דורך דעם לאַנגען גלות מאַרשרוט, אויסגעקומען אויפצונעהמען, האָבען זיי ניט אריינגעלייגט קיין שאַפונגס־כחות, קיין שפּראַך האָט ניט זוכה געווען צום נאָמען „אידיש". אויף אידיש האָט דאָס אידישע פאָלק פארווענדעט ריעזיגע אוצרות פון גייסטיגער ענערגיע, האָט אריינגעגאָסען דערין ימים פון שפּראַך־גאונות. עס איז דעריבער אַ טייערער אונשעצבאַרער אידישער קולטור־אוצר, דער קרעפטיגסטער ביישפּיעל פון דער אידישער שאַפונגס־פעהיגקייט, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעשטעלט און קיינמאָל ניט אויפגעהערט. און ווי אָן יעדען אידישען קולטור־ווערטה דאַרפען מיר זיך איצט, אין דיזער צייט פון קולטור־שלינגעניש, מיט אַלע אונזערע קרעפטען אָנקלאַמערען אָן דער אידישער שפּראַך און ניט דערלאָזען אַז איהר ווירקונג אויף אונזער לעבען זאָל אויפהערען.

דער אונטערגאַנג פון דער אידישער שפּראַך וועט זיין דער דריטער און דער לעצטער חורבן פון דער אידישע אומה. דער איינציגער כח, וואָס ווירקט דורך אַלע אונזערע גליעדער, וועט אויפהערען! מיט דעם אונטערגעהן פון אידיש ווערט דאָס אידישע פאָלק צוברעקעלט אויף אַזוי פיעל בעזונדערע גרופּען אין וויפיעל לענדער אידען וועלען זיך געפינען און וויפיעל שפּראַכען זיי וועלען אָננעהמען. אויב דאָס האָט אַמאָל די אידישע אומה ניט אונטערגעבראָכט איז דאָס דערפאַר, ווייל, ערשטענס, איז די אידישע צושפּרייטקייט קיינמאָל ניט געווען אַזוי גרויס ווי היינט, צווייטענס האָט די אידישע אמונה אַ שטאַרקערן גריף אויפ׳ן אידישען לעבען געהאַט, און דריטענס האָבען די אידען קיינמאָל אַזוי טיעף ניט אריינגעדרונגען אין דער גוי׳אישער גייסטיגער וועלט ווי אין אונזער צייט. אָט די „גינציגע" אומשטענדען זיינען היינט שוין מעהר ניטאָ. די איינציגע רעטונג איז די אידישע שפּראַך, וואָס איהר ממשלה איבער דעם אידישען לעבען איז היינט שטאַרקער ווי פון יעדען אַנדערן אידישען קולטור־פאַקטאָר. געהט אָבער די אידישע שפּראַך אַוועק, מוז געשעהן דאָס ערגסטע: פרעמד וועט ווערן איין גליעד פון אידישען פאָלק אין איין לאַנד צו אַלע אי־

בעריגע גליעדער פון אידישען פאָלק אין די איבעריגע לענדער, און יעדע וועט אָבשטארבען בעזונדער און אונטערגעהן פאר זיך.

און ניט קיין נביאות זאָגען מיר דאָ, ווען מיר זאָגען דאָס. עס איז ניט קיין מחשבה ארונטערגעלעזען פון דעם געזיכט פון דער צייט און עס איז ניט קיין פער׳גנב׳עטער בליק פון הינטער׳ן פאָרהאנג פון דער צוקונפט. נור א פאקט איז עס שוין אין אונזער לעבען, א טרויעריגער, שרעקליכער פאקט.

שוין היינט ווען מיר רעדען פון דעם אידישען פאָלק האָבען מיר, אונבעוואוסט פאר אונז אליין, אין זינען נאָר יענע טיילען פון דעם אידישען פאָלק, וואָס געפינען זיך נאָך אין די גרענעצען פון דער אידישער שפראך. מיר האָבען אין זינען די אידען פון רוס־לאנד, פוילען, עסטרייך, גאליציען, רומעניען, דייטשלאנד, ענג־לאנד, אמעריקא, אפריקא, ארגענטינא, אויסטראליען א. ז. וו. אָבער ווער דענקט, צום ביישפיעל, וועגען די איטאליענישע אידען, וועלכע לעבען דוקא אין מיטען קאָך פון אידישען לעבען אין אייראָפא, ווען מען רעדט וועגען אידישען פאָלק? צי געהען זיי אריין אין רייסטער? ווייסען מיר עפעס פון זיי? האָבען מיר די קלענסטע פאָרשטעלונג וואָס ביי זיי טהוט זיך? זיינען זיי ניט אויף אייביג פון אונז פארשניטען געוואָרען? אָדער די טערקישע אידען — הגם דער ציוניזם, צוליעב זייער בעזונדער געאָגראפישער בעדיי־טונג פאר איהם, האָט זיי די לעצטע יאָהרען אביסעל דערנעהנטערט צום כלל ישראל. וואו איז זייער שטימע אין דעם אידישען קאָנ־צערט?

אָבער דאָס אלץ איז נאָך א קינדער־שפיעל געגען דער צו־פאלונג, וואָס וועט איינטרעטען אין אונזער לעבען ווען די איבער צעהן מיליאָן אידען, וואָס רעדען איצט אידיש, וועלען די שפראך אויסבייטען אויף אלע זיבעציג לשונות. עס וועט זיין דער אָנהויב פון דעם סוף, פון דעם שרעקליכען, מורא׳דיגען סוף פון אידישען פאָלק.

אין אנגעזיכט פון אָט די אלע פאקטען (און פיעל, פיעל מעהר קען נאָך געזאָגט ווערן), ווי קענען מיר אומקעהרען אונזער רוקען אויף אידיש? ווי קען עס ביי אונז רעכט ווערן צו לאָזען די אידישע שפראך זיך ארויסגליטשען פון אונזער לעבען? ווי זאָלען מיר

דערלאָזען אז דאָס אידישע וואָרט זאָל אויף אימער פערקלינגען, אז דאָס אידישע מויל זאָל אויף אייביג פערשטומט ווערן? מעגען מיר מזלזל זיין מיט אזא מעכטיגער קולטור־קראפט?

עס איז דעריבער קלאָר אז אויב מיר ווילען דערהאלטען דאָס אידישע פאָלק דארפען מיר אַלע אונזערע כחות אָנווענדען צו דער־האַלטען די אידישע שפּראַך אין זיין מויל. מיר דארפען די אידישע שפּראַך פּפלעגען און קעכלען, דאָס אידישע וואָרט דארף קלינגען אין יעדען אידישען הויז, די אידישע שפּראַך דארף אריינגענומען ווערען אַלס בעשטאנד־טייל אין דער אידישער ערציהונג, און מיט אַלע כחות דארפען מיר זוכען אָנצוקניפּען זי דעם אידישען קינד אין אַמעריקא. מיט איין וואָרט — די אידישע שפּראַך דארף אוועק־געזעצט ווערן אין דעם אויבען־אָן פון אונזער לעבען.

איבערהויפּט דער אידישער חינוך, די אידישע ערציהונג מוז אונבעדינגט אריינגעהמען די אידישע שפּראַך אַלס איינעם פון איהרע יסודות. אין יעדען חדר, אין יעדער תלמוד תורה דארף מען מיט יעדען קינד אונטער אַלע אומשטענדען לערנען די אידישע שפּראַך. דאָס קען ניט שטארק גענוג בעטאָנט ווערן. דער אידי־שער חדר און תלמוד תורה, וועלכע דארפען זיין דער ברען־פּונקט פון אידישען לעבען, פון אידישע שטרעבונגען און אידעאַלען, דארפען ווערן די שטיצע פון דער אידישער שפּראַך, — זיי דארפען ווערן די טרעגער פון דער אידעע פון אידיש אין אונזער לעבען.

צי וועט זיך אָבער די אידישע שפּראַך אויפהאַלטען ביי דעם אידישען קינד אין אַמעריקא? — וועלען אַנדערע פרעגען.

געוויס — אויב די אידישע ערציהונג וועט נור זיין דאָס וואָס זי דארף זיין. דער צוועק פון דער אידישער ערציהונג דארף זיין ארויסצוגעבען אידען — בעוואוסטזיניגע, אויסגעשפּראָכענע, וואָס אידישקייט זאָל ביי זיין א ציעל, וועלכען זיי זאָלען מיט ליעבע טראָגען ווייטער אין דער צוקונפט אריין. היינטיגע צייטען, ווען דאָס אידישע קינד בעקומט א צווייענדיגע ערציהונג, א גויאישע און א אידישע (און א גויאישע מעהר ווי א אידישע) איז ער אָב־געשטאָרבען פאַר'ן אידישען כלל, סיידען ער זעצט זיך בע־וואוסטזיניג אריין אין דעם דאָזיגען כלל. יענע אידישע ערציהונג, וואָס בענוגענט זיך דערמיט, אז דאָס קינד זאָל

בלויז געדענקען אז ער איז א איד, איז א ברכה לבטלה. אויב ער וועט עס אפילו געדענקען אבער ליעבען ניט, וועט ער גיט זארגען אז זיין קינד זאל דאס געדענקען אויך. וועלען מיר אבער אונזערע אמעריקאנער קינדער ערציהען אזוי, אז זיי וועלען זיך ציעלבעוואוסט אנשליסען אן דער אידישער מחנה און זיי וועלען אליין אויך שטרעבען אידישקייט אויפצוהאלטען און ווייטער צו ענטוויקלען, ווען זייער רייה וועט קומען, איז ערשט זיי וועלען די אידישע שפראך אויפהאלטען, ערשט זיי וועלען זי פפלעגען. ווייל פאר פיעלע פון אונז ווען מען רעדט וועגען דער בעדייטונג פון א שפראך פאר'ן קיום פון א פאלק איז עס גלייך ווי ערקלעהרען א בלינדען דעם אונטערשייד פון פארבען. זיי אבער, מיט זייער אייראפעאישער בילדונג, וועלען עס פערשטעהן און פיהלען, און ווען זיי וועלען האבען דעם שטרעבען אייפצוהאלטען דאס אידישע פאלק, וועלען זיי וויסען אז זיי מוזען אייפהאלטען — די אידישע שפראך.

---

מיר האבען גערעדט וועגען אידיש באריכות, ווייל דיזע שפראך ווערט בעהאנדעלט ביי אונז ווי אן אמת'ע שטיף־קינד. אביסעל א בעסערע מערכה ווי אידיש האט ביי אונז העברעאיש, — ווערט עס דאך געלערנט, אין איין פארמע אדער אן אנדערער, אין דאס רוב פון די תלמוד־תורה'ס און אנדערע אידישע ערציהונגס־אנשטאלטען. פונדעסטוועגען ווען מען בערעכענט וויפיעל מיה און ארבייט עס קאסט אב דעם הייפעלע געקליבענע צו בעוועגען א תלמוד־תורה איינצופיהרען דעם לימוד פון העברעאיש, און ווען מען בערעכענט, אז נאך אלעם דעם איז דער לימוד פון העברעאיש זעהר, זעהר ארעם ביי אונז, ווערט זעהר שווער צו מוט.

ווען מען דארף מיט אידען זיך אמפערן וועגען לערנען העברעאיש דאן הויבט זיך אן צו גלויבען, אז דאס אידישע פאלק האט פשוט פערלארען זיין ערהאלטונגס־אינסטינקט, אט יענעם חוש, וואס זאגט אונטער יעדען בעשעפעניש, יעדען פליגעלע און ווערימעל, וואס עס איז פאר איהם געזונד און וואס ניט, און מיר לעבען נאר מיט'ן אימפעט, מיט'ן ראשען טריב פון דער געשיכטע. עס פערגנב'עט זיך אין הארצען דער שרעקליכער געדאנק, אז דער איד

האָט פערלאָרען זיין וועג אין דער געשיכטע, ער האָט אָבגעלאָזען זיין גריף אויפ'ן לעבען — און ער געהט מיט ראשע טריט אראָב.

ווארום ווי אנדערש קען מען ערקלעהרען דעם פאקט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אויפגעהערט צו פיהלען און פערשטעהן אז העברעאיש — דאָס איז געווען דער גרויסער כח פון זיין לעבען, און אז נור מיט'ן כח פון דער העברעאישער שפראך איז ער ארונ־טערגעקומען פון גרויען אלטערטום ביז צו אונזערע טעג? פרובט, אויב איהר קענט, אויף איין מאָמענט טראכטען וועגען דעם אידי־שען פאָלק אָבגעטיילט פון דער העברעאישער שפראך און זעהט צי לאָזט זיך עס דאן גאָר אויפפאסען די אידען אין דעם בעגריף „פאָלק"? פרובט אויף איין מינוט זעהן אין אייער געדאנק דאָס אידישע פאָלק אָהן דער העברעאישער שפראך — צי ווערט ניט פאר אייער גייסטעס־אויג דאָס פאָלק אין שטויב צוריבען און פון די ווינטען פון דער צייט אין אלע עקען וועלט צובלאָזען און צו־היכט?

אין דער אונענדליכער ברייט און אין דער גרענצלאָזער לענג פון אונזער געשיכטע האָט זיך אויסגעלעגט די העברעאישע שפראך. די העברעאישע שפראך איז דער לאנגער ריגעל, וועלכער ציהט זיך דורך פון איין עק פון אונזער היסטאָריע ביז'ן אנדערן, און אויף וועלכען עס זיינען ארויפגעצויגען איין דור נאָך דעם צווייטען, ניט לאָזענדיג קיין איינעם פון זיי ארויספאלען פון אונזער געשיכטע; זי איז דער שנור, וואָס האָט ווי א גארטעל דעם גאנצען ערד־קוגעל ארומגענומען און אָבגעשאפט פאר'ן אידישען פאָלק די גרענעצען פון מדינות און לענדער, צונויפגיסענדיג איהם אין איינס. די העב־רעאישע שפראך — דאָס איז דער רייכער שייער, וואוהין עס זיינען איינגעזאמעלט געוואָרען אלע פראָדוקטען פון דעם אידישען גייסט אין אלע לענדער און אין אלע צייטען.

ווי זשע קען גאָר א רעד זיין וועגען אן אינטעליגענטען אידען, וועגען אן א מ ת א י ד י ש ערצויגענעם מענשען, אָהן דער העברעאישער שפראך?

דאָס אידישע פאָלק איז ניט א פאָלק פון נעכטען. דער שטאָלץ פון דער אידישער אומה איז די לאנגע פ אָ ר ט ז ע צ ו נ ג, די ניט אונטערבראָכענקייט, פון דער אידישער געשיכטע. ווי אזוי זשע

קענען מיר זיך צובינדען צו דער לאנגער שורה דורות, ווי אזוי זשע קענען מיר זיך צונויפגיסען אין גייסט מיט דעם אידען פון אמאל — אהן דער העברעאישער שפראך?

אלץ וואס שטעלט צוזאמען דעם אידישען קולטור־ווען, אלעס שעפפערישעס וואס דאס אידישע פאלק קען דערויף אנווייזען אלס זיין רייכען בייטראג צו דער מענשהייט'ס גייסטיגען פארמעגען, איז אין דער העברעאישער שפראך איינגעבאלזאמירט. לערנען מיר אונזער קינד ניט קיין העברעאיש איז גלייך ווי מיר וואלטען פון זיינעטוועגען פארווישט אלע בלעטער וואס דאס אידישע פאלק האט פאר דער מענשהייט אנגעשריבען, מיר פערשטאפען פאר איהם אלע קוואלען פון אידישען גייסט, מיר פערהאקען פאר איהם אלע טיהרען אין דעם רייכען פאלאץ פון דער אידישער קולטור.

און קומט איינער און זאגט אז די העברעאישע שפראך אין דער אידישער ערציהונג איז לאו דוקא — רעדט פון איהם די עם־הארצות ארוים. עס קען קיין אמת'ע אידישע ערציהונג ניט גע־מאהלט זיין אהן דער העברעאישער שפראך. אהן העברעאיש וועט דאס אידישע קינד בלייבען אן עם הארץ אין אלץ וואס איז שייך יעדען העכערן בעגריף פון אידישקייט.

אידיש און העברעאיש, העברעאיש און אידיש — אט דאס זיינען די צוויי זיילען, וואס זיינען בכח — און נור זיי זיינען בכח — אויפצוהאלטען דעם צוטרייסעלטען בנין פון אידישען פאלק. ביידע האבען זיי זייער בעדייטונג און ביידע מוזען זיי אריינטרעטען אלס יסודות פון דער אידישער ערציהונג.

און נאריש און שעדליך איז דער קאמפף וואס עס פיהרען צווישען זיך די אידישיסטען און די העברעאיסטען. א פערברעכע־רישע פערשווענדעריי פון כחות איז עס. ניט א צייט פיר אינער־ליכע רייסערייען איז די צייט ווען דער שונא שטעהט אין דרויסען און דראהעט אלעם צו פערניכטען.

צום גליק איז דער צד פון אידיש ניט אזוי ווייט פערביסען אז ער זאל אינגאנצען אויסשליסען העברעאיש. דער קאמפף וואס זיי פיהרען אן איז נור פאר דער אנערקענונג פון אידיש, פאר איהר גלייכבערעכטיגונג מיט העברעאיש. די העברעאיסטען אבער, אדער לכל הפחות דער רוב פון זיי, שליסען אינגאנצען אוים אידיש

און זיינען זי מבטל כעפרא דארעא. אָבער דיזע הארטנעקיגקייט מוז נאָכלאָזען. אין דער צייט פון נאַציאָנאַלער סכנה מוזען אַלע כחות שלום מאַכען צווישען זיך. ווען די העברעאיסטען ווילען ניט אויס־נוצען אידיש פאר דער דערהאַלטונג פון דעם אידישען פאָלק אין גלות זיינען זיי ווי יענע פרושים פון אמאָל, וואָס האָבען צוליעב שבת קיין כלי־זיין ניט געוואָלט נעהמען זיך צו פערטיידיגען און זיך גלייכער געלאָזט פערניכטען פון דעם שונא.

ביידע שפּראַכען האָבען זייער בעדייטונג און ביידע דארפען אריין אַלס יסוד פון דער אידישער ערציהונג.

ד.

# די געשיכטע פון אַן עקספּערימענט

לויט דעם אויבען־אָנגעצייכענטען — וואָס דאַרף זיין די אי־דישע שוהלע? וואָס פאר א געשטאַלט דאַרף האָבען דער אידישער ערציהונגס־אנשטאַלט? ווי אזוי זאָל ער געפיהרט ווערען?

קיין פאָלקאָמענע שוהלע, דער אידעאַלער אידישער ערציהונגס־אנשטאַלט איז נאָך ביי אונז ניטאָ. ניטאָ נאָך יענער מוסטער, צו וועלכען אַלע זאָלען זיך ציהען, וועלכער זאָל זיין דער ליכטיגער לייכט־טהורעם אויף דעם פינסטערען וועג פון אידישען חנוך. עס איז שוין אָבער דאָ דער גוטער אָנפאנג, וועלכער, ווען ער זאָל נאָר געהעריג געפּפלעגט ווערן, קען געבראַכט ווערן צו פאָלקאָמענהייט, און וועלכער וועט אונז סוף כל סוף פיהרען צו דעם אזוי היים־געגאַרטען ציעל — צו א בעסערער, פרייערער און ליכטיגערער אידישער ערציהונג.

דער גוטער אָנפאנג — דאָס איז די נויאָרקער אידיש־נאַציאָ־נאַלע שוהלע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען און ווערט אויסגעהאַל־טען פון די פועלי־ציון און פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלען ארבייטער פערבאנד.

עס איז פיעלייכט געווען נאַטירליך, אַז די ערשטע אוועקצו־שטעלען די אידישע ערציהונג אויף יענע פּראָגרעסיווע יסודות, וואָס זיינען אָנגעצייכענט געוואָרען אויבען, זאָל זיין די אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע יוגענד — ווען דיזע האָט זיך ארומגעזעהען אַז זי איז געשטאַנען לגמרי אויף א פאַלשען שטאַנדפּונקט ווען זי האָט געהאַלטען, אַז אידישע ערציהונג איז ניט איהר זאַך. די דאָ־זיגע פּרינציפּען האָבען ניט געקענט קומען פון יענע עלעמענטען, וואָס אין זייערע הענד געפינט זיך די אידישע ערציהונג איצט, ווייל דאָ פעהלט, קודם־כל, דער דרייסט אויף א נייעם שריט, און דאַן — די וועלטליכע אינטעליגענץ, וואָס

פֿאָדערט זיך די דאָזיגע פּרינציפּען אויפֿצופּאַסען. מען האָט דאָך ניט געקענט ערוואַרטען, אַז מען זאָל אין די תּלמוד־תּורה׳ס אָנהויבען לערנען — די אידישע ליטעראַטור, צום ביישפּיעל, ווען — דער אמת מוז געזאָגט ווערן — דער אַלטער פֿרומער אידישער קלאַסע פֿעהלט ביז אַ געוויסען גראַד בכלל די פֿערשטענדניש פֿיר דער בעדייטונג פֿון ליטעראַטור.

אָבער דיזעביידע זאַכען —סיי דער דרייסט אויף אַ נייעם שריט, סיי די וועלטליכע אינטעליגענץ — האָבען ניט געפֿעהלט דער אידישער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער יוגענד, וועלכער מען קען גיכער בעשולדיגען אין טרייבען צייטענווייז שוין צו ווייט איהר דרייסטקייט אויף נייע שריט, און אין צופֿיעל יאָגעניש נאָך „וועלט־ליכקייט“. און ווען זי האָט זיך אָנגעהויבען צו פֿערנעהמען מיט אידישע ערציהונג האָט זי זי גלייך פֿון אָנפֿאַנג אָוועקגעשטעלט אויף ברייטע אידישע און מענשליכע יסודות, ניט אָבטיילענדיג דערביי דעם אידען פֿון דעם מענשען, ווי דער טרויעריג־בעריהמ־טער „היה יהודי באהלך ואדם בצאתך“, נור שטרעבענדיג אַז דאָס מענשליכע אין דעם אידען זאָל אויך זיין אידיש, ד. ה. אַז זיינע מענשליך־קולטורעלע בעדערפֿנישען זאָל דער איד זוכען צו בע־פֿרידיגען קודם כל אין די גרענעצען פֿון דעם אידישען לעבען.

עס איז געווען נאָך אַ דריטע סיבה, וואָס האָט געפֿיהרט די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע יוגענד אָנצונעהמען די נייע אידישע ערצי־הונג, און דאָס איז — די פֿראַגע פֿון רעליגיאָן. די אַלטע אידישע ערציהונג איז אַן אויסשליסליך רעליגיעזע ערציהונג. און די נאַצ־יאָנאַל־ראַדיקאַלע אידען, אַלס פֿרייגעזאָנענע מענשען, האָבען זיך דעריבער ניט געקענט צופֿריעדענשטעלען מיט דעם אידישען חנוך אין די חדרים און תּלמוד־תּורה׳ס. און זייענדיג אידען, וואָס שטע־הען אויפֿ׳ן שטאַנדפּונקט פֿון אַ נאַציאָנאַלען — ניט קיין רעליגיע־זען — יודענטהום, האָבען זיי די אידישע ערציהונג אָוועקגעשטעלט אויף דער אידישער קולטור אין ברייטען זין.

אָנגעהויבען זייער טהעטיגקייט אויפֿ׳ן געביעט פֿון אידישער ערציהונג האָבען די פּועלי־ציון און דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַר־בייטער־פֿערבאַנד — מיט דער ניו יאָרקער אידיש־נאַציאָנאַלער שבת און זונטאַג שולע, וועלכע איז, בעת׳ן שרייבען פֿון דיזע שורות,

קנאפע דריי יאָהר אַלט. אַרום דיזער שוהלע האָבען זיך אַרומגע־זאַמעלט אַ צאָהל אידישע יונגע לייט וואָס זייער הארץ האָט גע־בלוטעט אויף דער אָבגעלאָזענקייט פון דעם אידישען חינוך און זיי האָבען געזוכט אַ פעלד וואו צו פערזייהען די ערשטע קערנער פון דער נייער אידישער ערציהונג. אָהן אַן אויסגעטראָטענעם וועג פאַר זיך, אָהן ערפאַהרונג און אָהן פּאַסיגע לעהר־ביכער, נור מיט אַ טיעפען גלויבען אין דער הייליגער אַרבייט און מיט אַ גרענעצ־לאָזער ליעבע צו דער זאַך האָבען זיי זייער פּיאָנערן־אַרבייט אָנגע־הויבען. און אַזוי וואונדערבאַר איז געוועזן דער ערפאָלג און אַזוי געבענטשט איז געוועזן די אַרבייט פון זייערע הענד, אז מ׳קען די שוהלע מיט רעכט אָנרופען אַן אָאַזיס אין דעם וויסטען מדבר פון דער היגער אידישער ערציהונג.

און לאָמיר דאָ דערצעהלען עטוואָס פון דיזען וואונדערבאַרען עקספּערימענט, און זאָל עס דיענען אַלס ריכטס־שנור פאַר די יעניגע וואָס ווילען דיזעלבע אַרבייט אָנפאַנגען אין זייערע בעזונ־דערע ערטער און קרייזען, זיי זאָלען די ערשטע שמערצען, די ערשטע געבורטס־וועהען, פערשפּאָרען.

איך זאָג דערצעהלען עטוואָס — ווייל איבערגעבען איז מעגליך נור, אַזוי צו זאָגען, די טעכנישע זייט פון דער שוהלע, דעם אופן פון דער אַרבייט. אָבער די אַטמאָספערע, די שטימונג, די הייליגע בעגייסטערונג, יענע טיעפע איבערגעבענקייט און האַר־ציגע ליעבע פון די לעהרער צו די שילער און פון די שילער צו דער שוהלע — דאָס איז אַלץ אונמעגליך אָבצושילדערן, דאָס וועט בלייבען נור אַ זיסע, הייליגע עראינערונג פון די, וואָס האָבען גע־האַט דאָס גליק צו שטעהן נאָהענט צו דער שוהלע און נעהמען אַנטייל אין איהר אַרבייט.

ווי אַזוי ווערט די אַרבייט פון דער שוהלע אָנגעפיהרט ?

לאָמיר געהן כסדר. שטעהענדיג אויף דעם שטאַנדפּונקט אז די אידישע שפּראַך מוז דערהאַלטען ווערן אין מויל פון אידישען פאָלק, ווערט אין דער שוהלע די גרעסטע מיה אָוועקגעלעגט אָנ־צואייגענען דעם אידישען קינד די אידישע שפּראַך. די אומגאַנגס־שפּראַך אין דער שוהלע איז אידיש, אַלע לימודים ווערען געפיהרט אין דער אידישער שפּראַך, אויסער די העברעאישע לימודים, וועלכע

ווערן געלערנט אויף העברעאיש, לויט דער מעטהאָדע עברית בעברית. די קינדער ווערען געלערענט צו בעטראכטען אַלס זייער מוטער־שפּראַך — אידיש, און ענגליש אַלס די לאנדס־שפּראַך. די שוהלע זוכט מיט אַלע כחות צו ווירקען אויף די קינדער, אז זיי זאָלען רעדען אידיש אומעטום אין זייער פערקעהר מיט אידען, אין שוהלע, אין/גאַס און אין דערהיים.

פערשטעהט זיך אַז די לעהרער אליין מוזען זיין דער ערשטער ביישפּיעל. די שוהלע האָט שטרענג איינגעפיהרט, אַז אין דער גע־גענוואַרט פון די קינדער טאָרען זיי קיין אנדער שפּראַך, אויסער אידיש אָדער העברעאיש ניט רעדען, אַניט צושטערען זיי מיט איין האנד דאָס וואָס זיי בויען־אויף מיט דער צווייטער. איבער־הויפּט דאַרף זייער אידיש זיין מוסטערהאַפּט: עס דאַרף זיין אַב־סאָלוט ריין פּון אונגעוויטיגע אַמעריקאַניזמען. ווייל דער אונגעוויטי־גער צומיש פון פרעמדע ווערטער איז מבזה די שפּראַך, שוין אַב־געדעדט דערפון, וואָס זי פערליערט דורך דעם איהר עכטקייט. די לעהרער דאַרפען אויך שטאַרק וואַכען איבער דער ריינקייט און עכט־קייט פון דעם אידיש פון די קינדער, וועלכע זיינען נאַטירליך נאָך מעהר ווי די ערוואַקסענע גענייגט צוצומישען ענגלישע ווערטער. דער לעהרער טאָר ניט פאַרביילאָזען איין געלגענהייט, וואו ער זאָל דעם קינד ניט אויפמערקזאַם מאַכען אויף זיינע גרייזען.

אָט דיזער איינפיהר אין דער שוהלע האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַן ערפאָלג אין מעהר ווי איין פּרט. קודם כל פון אַ ריין־פּעדאַ־גאָגישען שטאַנדפּונקט: אויב די קינדער דאַרפען קענען די שפּראַך — איז דאָך רעדען דאָס בעסטע מיטעל אַ שפּראַך צו ער־לערנען. דאַן די ווירקונג אויף דעם קינד'ס היים. ווען דאָס קינד טראָגט אוועק פון דער שוהלע זיין אידיש אַהיים; ווען עס פער־פערטיגט דאָרט זיינע לעקציעס אין אידיש; ווען עס זינגט איבער די אידישע ליעדלעך פון דער שוהלע, און ווען עס פאָלגט די אינ־סטרוקציאָנען פון דעם לעהרער און רעדט מיט די הויזיגע אידיש — האָט דאָס אַן אונגעהויערע ווירקונג צו פּעראידישען דאָס אידישע הויז, העלפט עס זעהר פיעל צו בעשאַפען אַ אידישע אַטמאָספערע און געבען דער אידישער היים אַ אידיש פּנים.

אָבער נאָך וויכטיגער דערפון איז דאָס, וואָס דאָס פּרינציפּיע־

לע רעדען אידיש ברענגט דאָס קינד צו פיהלען דעם גלות אויף זיך אליין. פאַר'ן קינד, וועלכעס איז ווייט פון די אַלע חקירות וועגען דער שפּראַך־פראַגע ביי אונז, ערשיינט דאָך עס גאַנץ איינפאַך און זעלבסטפערשטענדליך ווען מען זאָגט איהם, אַז אַלס אידיש קינד דאַרף עס רעדען אידיש. און מיט דיזען געדאַנק, אַז אידיש איז זיין שפּראַך, אוועקגעהענדיג אין דער פּאָבליק סקוהל, וואו די שפּראַך איז ענגליש, פערשטעהט עס גלייך אַז די פּאָבליק סקוהל איז סוף כל סוף ניט זיין סקוהל. און דערפיהלט עס זיך דאָ אין דער פרעמד אַלס אידיש קינד ווערט דורך דעם זיין אידישקייט שטאַרק אונטערשטראָכען. און שטרעבענדיג אונטער דער השפּעה פון דער אידישער שוהלע צו רעדען אידיש און פיהלענדיג זיך אין דער זעלבער צייט מיטגעשלעפּט פון דער ענגלישער שפּראַך, ווערט דאָס קינד אוועקגעשטעלט אין אַ לאַגע פון וועהרען זיך, פון פערטהיידיגען זיך געגען אַ מיטרייסענדער קראַפט, עס קומט איהם אויס, אַזוי צו זאָגען, אָנצופיהרען אַ סאָרט קאַמפּף, מיט איין וואָרט — צו פיהלען אויף זיינע אייגענע פּלייצעס דעם דרוק פון גלות, און דאָס אַליין איז דאָך אידישע ערציהונג אין בעסטען און העכסטען זין.

אָט דאָס זיינען געווען אייניגע פון די ווירקונגען, וואָס האָבען זיך געלאָזט מערקען ביי די קינדער, אַלס פּועל יוצא פון דער שטרענגער קנאות פאַר דער אידישער שפּראַך געגען דער ענגלישער. און די קנאות פאַר אידיש געגען דער לאַנדסשפּראַך דאַרף זיין דער ערשטער שטריך פון יעדען אידישען ערציהונגס־אַנשטאַלט.

געלערנט ווערט אידיש מיט די אָנפאַנגער־קינדער לויט האַלפּערינ'ס מעטהאָדע „דער אידישער אלף־בית", וועלכער איז פאָרלויפיג דער בעסטער פון דעם מין אין אידיש. דאָס דאָזיגע ביכעל איז צונויפגעשטעלט לויט דער קלאַנגען־סיסטעם, וועלכע איז אנערקענט פאַר דער בעסטער און ווערט געברויכט כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע שוהלען. וואָס דיזע סיסטעם איז און ווי אַזוי דער לעהרער דאַרף מיט איהר אומגעהן ווערט ערקלעהרט אין דער הקדמה צום ביכעל גופא. דאָס לערנען לעזען לויט דיזען ביכעל איז צוגעגאַנגען אין דער שוהלע מיט גרויס ערפאָלג, טיילווייז צוליעב די מעלות פון דער סיסטעם און טיילווייז דערפון,

וואָס די קינדער זיינען צו דער סיסטעם געוועהנט פון די פּאָבליק סקוהלס. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָבען די קינדער געלעזען אידיש לייכט, פליסיג און אָהן גרייזען.

און דאָ בעט זיך אַ פראַגע: פאַרוואָס האָבען זיך די קינדער אין דיזער שוהלע אויסגעלערנט אַזוי לייכט לעזען אידיש, דאַן ווען אין די תלמוד־תורה'ס, וואו עס ווערט די גרעסטע מיה אוועקגעלעגט אויף עברי, קענען די קינדער נאָך יאָהרען פון לערנען דאָך קיין שיימעל עברי ניט?

און דער תירוץ איז גאָר ניט אַזוי שווער ווי עס דוכט זיך אין בלוג אויס. די קינדער קענען זיך ניט אויסלערנען קיין עברי, ווייל דער דאָזיגער לימוד רעדט ניט צו זייער האַרצען, זיי זאָגען ווער־טער וואָס זיי פערשטעהען ניט, וואָס האָבען פאַר זיי ניט קיין זין, קיין אינהאַלט, און דעריבער קלעפּט עס זיך אָן זיי ניט אָן.

מיט אידיש אָבער איז דאָס ניט דער פאַל. ווען דאָס קינד קען בלויז דריי בוכשטאַבען „מ", „א", „ע", ווערט שוין דערפון צונויפ־געשטעלט אַ וואָרט „מאַמע", אַ וואָרט וואָס לעבט, וואָס מיינט עפּיס פאַר'ן קינד. און ווען ער קען נאָך אפילו ניט דעם גאַנצען אלף־בית לעזט ער שוין זאַצען און מעשה'לאך און ליעדעלעך וואָס רייצען איהם, וואָס וועקען זיין לוסט צום לערנען, און אַזוי לערנט ער זיך אויס לעזען — שפּיעלענדיג.

האַלפּערינ'ס ביכעל איז דעריבער אין דיזען פּרט זעהר גליק־ליך צוזאַמענגעשטעלט. צוערשט לערנט זיך דאָס קינד אויס לייענען אידיש — ווייל אָנהויבען דאַרף מען מיט עפּיס, וואָס דאָס קינד קען פערשטעהן. אָבער ביי דער 14טער לעקציאָן הויבט עס אָן אַרי־בערגעהן צו העברעאישע ווערטער, און אַזוי לייכט, אז דאָס קינד פיהלט כמעט ניט דעם איבערגאַנג.

דאָס ווערט געטהאָן אַזוי. דאָס קינד וואָס ווייסט שוין איצט אז „אַ", צום ביישפּיעל, איז אַן אלף, ווערט געוואָהר אז „אמאָל" איז געגנוג אַ פּתח. און שוין אויפ'ן אָרט זיינען דאָ העברעאישע ווערטער אויף וועלכע צו פּראַקטיצירען. אָבער ד י העברעאישע ווערטער זיינען איהם ניט פרעמד ווי די העברעאישע ווערטער פון סידור. ווייל דאָ זיינען צוגעקליבען אַזעלכע העברעאישע ווער־טער, וואָס ווערען געברויכט אין אידיש, און זיינען דעם קינד בע־

קאנט. ווי צום ביישפיעל: מלאכה, חכמה. דערצו קומען זיי נים אליין, אבגעריסענע, נור אין גאנצע זאצען אדער אין מעשה'לעך און עס איז דא אן אינטערעס. און אזוי געוועהנט זיך דאס קינד לאנגזאם און אויף א לייכטען, אנציהענדען וועג, צו לייענען העב־רעאישע ווערטער. און ווען דאס קינד האט שוין דערגרייכט אזוי ווייט קען מען איהם איצט אריבערפיהרען צו פראקטיצירען ריין עברי לייענען. און אין א גאנץ קורצער צייט וועט דאס קינד קענען זאגען עברי ווי א וואסער.

פיר די תלמוד־תורה־אידען, וואס דער עיקר לימוד איז ביי זיי עברי, וועט עס געוויס שווער זיין רעכט צו מאכען ביי זיך אבצו־לענען דיזען לימוד אויף א ווילע, און צוקומען צו איהם דורך אידיש. אבער זיי ווייסען דאך ווי שווער עס געהט־צו מיט עברי אין די תלמוד־תורה'ס, און זיי וועלען מוזען איינזעהן אז דאס איז אבסאלוט דער איינציג־ריכטיגער וועג.

עס איז איבעריג צו זאגען, אז דאס שרייבען דארף געהן טריט ביי טריט מיט'ן לייענען. דיזעלבע לעקציאן וואס ווערט דעם קינד געגעבען אין לייענען דארף איהם גלייכצייטיג געגעבען ווערען אין שרייבען, און אזוי וועט איין למוד ארויסהעלפען דעם אנדערען.

שוין בעת'ן לערנען ל ע ז ע ן זאל דער לעהרער שענקען איבערקזאמקייט צום רעדען אידיש. דער לעהרער זאל אויסנוצען דעם שטאף פון ביכעל אויף צו פיהרען געשפרעך מיט די קינדער און דער עיקר לאזען דעם ק י נ ד רעדען. די מעשה'לעך זאלען זיי איבערדערצעהלען אין אייגענער שפראך און אפט זיי אויך אנשריי־בען אין אייגענער שפראך. ארבייט זאל ארויסגעגעבען ווערען אהיים. די בעסערע ליעדעלעך וואס קומען אין ביכעל זאל דער לעהרער ארויסגעבען אויף לערנען אויסווענינ. און ווען די קינדער זאגען עס איבער אין קלאס זאל ער זעהן אז זיי זאלען עס שעהן דעקלאמירען. דאס העלפט ערשטענס ארויסצוברענגען דעם אמת'ן זין פון די ווער־טער; צווייטענס ענטוויקעלט עס דעם געשמאק ביים קינד, דריטענס מאכט עס דעם גאנצען ענין אינטערעסאנטער און אנציהענדער פאר'ן קליינעם עולם.

דער גוטער לעהרער קען, פערשטעהט זיך, געפינען טויזענד וועגען ווי אויסצונוצען דאס מאטעריאל וואס ער האט. אבער דאס

אונגעפעהר זיינען די אלגעמיינע שטריכען ווי די ארבייט דארף אָנ־געפיהרט ווערען.

פון היילפּערינ׳ס ביכעל איז א גוטער איבערגאנג צו דער דריטער אָבטיילונג פון קרינסקי׳ס „דער אידיש לעהרער״.

וואָס אָנבעלאנגט דעם לעזען און דעם רעדען איז דער גאנג דאָ דערזעלבער, וואָס איז אויבען אָנגעצייכענט געוואָרען ביים התחלה ביכעל, אויסער, פערשטעהט זיך, וואָס ער דארף שוין זיין אביסעל טיעפער, ווייל די קינדער זיינען שוין עלטער און וויסען מעהר. אָבער דאָ דארף שוין אונטערגעשטראָכען ווערען א דריטער עלעמענט — דער וויכטיגסטער, דער עיקר פון דער אידישער ערציהונג — ד י ע ל ע ר נ ו נ ג פ ו ן א י ד י ש ק י י ט.

די זאכען וואָס קומען דאָ אריין האָבען אלע א אידיש־ערציהערישען ווערטה. און אויף דעם גרונד פון אָט די זאכען דארף דער לעהרער אָנווענדען אלע זיינע פּעדאַגאָגישע פעהיגקייטען אויסצוטייטשען דאָס אידישע לעבען פאר׳ן קינד, ארויסברענגען פאר איהם די שעהנקייטען פון דעם אידישען לעבענספיהר, פון די אידישע זיטען, פון די אידישע מנהגים, ארויספיהרן פאר איהם די געשטאלטען פון טיעף אידישע מענשען, געבען איהם אידישען וויסען, — מיט איין וואָרט, זייהען אין דעם ווייכען קינדערשען הארץ סימפּאטהיע און ליעבע צו אלץ וואָס איז מענשליך שעהן אין דעם אידישען לעבען.

ווער עס האָט ניט געזעהן, וואָס פאר אן איבערקערעניש אָט דיעזער סאָרט לערנען האָט אָנגעמאכט אין די נשמות פון די קינדערלעך אין דער שולע, ווער עס האָט ניט בעאָבאכט ווי זייערע פערטריקענטע אידישע הערצעלעך האָבען זיך אָנגעצויגען מיט אידישער זאפט, ווי זייער לעבען האָט געקראָגען אן אינהאלט, אן אידעע, א נאָט — דער ווייסט ניט וואָס מען קען מיט א רעכטער ערציהונג אויפטהאָן מיט די אמעריקאַנער אידישע קינדער, און דער ווייסט בכלל ניט די בעדייטונג פון ערציהונג.

ליידער אָבער זיינען כמעט אלע זאכען, וואָס קומען אריין אין דיעזען ביכעל, גענומען פון פערצייטיגען אידישען לעבען, איז פון דעם אלטען אידישען קוואל געשעפּט. אין דיעזען פּרט איז שוין פיעל בעסער דאָס ביכעל, וואָס קומט נאָכדעם, פריעדמאַנ׳ס „היהודיה״ 2טער טייל. דאָ קומען, אמת, אריין זאכען, וואָס דארפען גאָר אינ־

גאנצען אויסגעלאזט ווערען אין א היגער אידישער שוהלע, אבער ער האט א גאנץ רייכען, מיט געשמאק אויסגעוועהלטען מאטעריאל, סיי פון פערצייטיגען, סיי פון היינטיגען אידישען לעבען.

נעהמען מיר ארויס אלס ביישפיעל איין זאך, ווייט ניט פון די בעסטע וואס דאס ביכעל ענטהאלט:

## הינדע.

ווען דער שנעע־שטורם פייפט מיט זיין טויטענדען אטהעם דורך די גאסען, אדער ווען די ת מ ו ז ־ זוהן ברענט און בראט גאר א ה ן ר ח מ נ ו ת, זעהט מען הינדען ארומלויפען מיט איהרע דארינקע פיסלעך איבער'ן שטאדט.

אז אלטע, קלייניגקע און דארינקע אידענע, מיט גרויסע און קליינע קנייטשען אויף איהר געלען פ נ י ם.

זי שפייזט זיך פון פערערען פליקען; אבער דאס איז נאר די מ ל א כ ה פאר איהר ג ו ף. זי האט נאך אנדערע מ ל א כ ו ת דורך וועלכע זי שפייזט, ווי זי זאגט, איהר יודישע נ ש מ ה.

זי שפינט צ י צ י ת פאר ארעמע י ש י ב ה ב ח ו ר י ם. זי קאכט טעפלעך פאר פ ר ו ש י ם און נעהט צוויי מאל אין יאהר א נייעם פ ר ו כ ת פאר דעם א ר ו ן ק ו ד ש אין שוהל. זי געהט צו די ארעמע קראנקע מ ב ק ר ח ו ל ה זיין און טראגט זיי עפיס אריין אין שטוב אריין.

פיעל איז זי זיך עוסק מיט „ה כ נ ס ת כ ל ה“, בעזארגט מיט אלע נויהטיגע זאכען די ארעמע כ ל ו ת. ה כ ל ל זי טהוט מעהר פאר יענער וועלט ווי פאר דער וועלט, זי איז אן א מ ת ' ע א ש ה צ נ ו ע ה.

(נאך מ. זייפערט).

וואס פאר אן אוצר מיט אידישקייט אט דיעזע קליינע סקיצע ענטהאלט! מיט וויפיעל אידישע אינסטיטוציאנען עס בעקענט דאס קינד! און וואס פאר א וואונדערבארער טיפ פון אן אלטעטשקער אידענע, פון וועלכער אן אמעריקאנער קינד וואלט וואהרשיינליך הוזק געמאכט, ניט וויסענדיג וויפיעל סימפאטישעס, וויפיעל מענשליך שעהנעס זי טראגט אין איהר הארצען. אין די הענד פון דעם געניטען לעהרער איז עס אן אונערשעפליכער קוואל פון אידישקייט.

פון „היהודיה“ נעהען די קינדער אריבער צו פיכמאנ'ס פאר „שול און פאלק“. דאס ביכעל איז נאך מעהר ווי די פאריגע צוגע־

פאסט פאר דעם צוועק פון ערציהען די קינדער אין דעם גייסט, וואס איז פריהער אָנגעצייכענט געוואָרען. און אלס נעקסטער לעהר־ביכעל קומט דעם 2טער און 3טער טייל (איין בוך) „דאָס אידישע וואָרט".

דורכ'ן לויף פון דיעזע ביכלעך דארפען די קינדער זיך אָנגעהמען מיט אזוי פיעל אידישען וויסען, אז זיי זאָלען האָבען א פרייען צוטריט צו דער אידישער ליטעראטור.

און אין דעם למוד פון אידישער ליטעראטור האָט די שוהלע אויך געהאט זעהר גוטע ערפאהרונג. גלייך פון אָנפאנג האָט זיך אין דער שוהלע געבילדעט א קלאס פון קינדער אין היי־סקוהל עלטער, און מען האָט מיט זיי גענומען לערנען אידישע היי־סקוהל למודים. אונטער דער השפעה פון דיעזע למודים זיינען די קינדער געוואקסען גייסטיג ממש אונטער די הענד. און די שוהלע קען מיט שטאָלץ אָנ־ווייזען אויף דיעזען קלאס, דאָס זיי וועלען אויסוואקסען אמת אינ־טעליגענטע אידען.

אין דיעזען קלאס האָבען די קינדער געקראָגען א טיכטיגען אונטעררריכט אין דער אידישער שפראך, איהר גראמאטיק און איהר געשיכטע; זיי האָבען גוט דורכגעלערנט אייניגע ערצעהלונגען פון רייזען און אייניגע ערצעהלונגען פון פרץ, און זיי האָבען דורכגע־שטודירט פרוג אלס פּאָעט און פרץ אלס פּאָעט, בעקענענדיג זיך מיט דעם ליטעראַרישען ווערטה פון די געשטודירטע ווערק, מיט דער ליטעראַרישער געשטאלט פון די דיכטער און מיט זייער עפּאָכע בכלל. כדי דער לעזער זאָל האָבען א בעגריעף אין וואָס פאר א גייסט די ארבייט איז אָנגעפיהרט געוואָרען, גיבען מיר דאָ די פראגען וואָס זיינען געשטעלט געוואָרען די קינדער אלס עקזאמען נאָך די ערשטע אָנדערהאלבען יאָהר לערנען:

1. וואָס זיינען געווען די אורזאכען, וואָס האָבען אויפגעהאלטען די דייטשע שפּראך ביי די אידען, אפילו ווען זיי האָבען אויסגעוואָנ־דערט אין די סלאווישע לענדער? (20)
2. א) פון וועלכע אנדערע עלעמענטען, אויסער דעם דייטשען, בעשטעהט די אידישע שפּראך?
ב) ווי אזוי זיינען זיי אריין אין דער שפּראך און מיט וואָס אונטערשיידען זיי זיך? (גיט אייניגע ביישפּיעלען.)
ג) וואָס זיינען די הויפּט דיאַלעקטען פון אידיש? (10)

3. דערצעהלט פרוג'ס ביאגראפיע און ווייזט ווי אזוי זיין לעבען האט בעאיינפלוסט זיין שאפען. (15)

4. א) וואס איז דער אינהאלט פון „זאמד און שטערען", און וואס פאר א שטריכען פון פרוג'ס כאראקטער אלס פאעט זעהען זיך דא ארויס?

ב) וואס איז דער זין פון זיין „ליעד דער ארבייט"? (15)

5. וועלכע סבות איז פרץ'ס אייגענעם לעבען און וועלכע ענדערונגען אין דעם לעבען פון אידישען פאלק, האבען געמאכט פרץ'ן פאר א וועלטליכען פאעט?

6. ווייזט ווי אזוי זיינע „דריי נייטאדינס" איז א וועלטליכע טהעמא פון א י ד י ש ע ן לעבען. (5)

7. וואס פאר א מענש איז רייזין'ס „איוב"? (10)

8. א) גיט זעקס כללים וועגען דעם געשלעכט פון הויפטווערטער: דריי פון זעכליכען און דריי פון די איבעריגע צוויי געשלעכטער.

ב) וועלכע צייטווערטער בויגען זיך מיט „האבען" און וועלכע מיט „זיין"?

ג) וועלכע ענדערונגען קומען פאר מיט די העברעאישע ווערטער ווען זיי קומען אריין אין אידיש? (10)

זייט ביי זייט מיט דיזע למודים זיינען די קינדער פון דיעזען קלאס דורכגעגאנגען א קורס אין אידישער דראמע. דער קורס איז בעשטאנען פון לעקציעס איבער דער אידישער דראמא צוזאמען מיט א גרינדליכען שטודיום פון פיעסען פון גארדין („גאט, מענש און טייוועל" און „מירעלע אפרת") פינסקי („די באמיליע צבי") פרץ („די גאלדענע קייט") אש („משיח'ס צייטען") הירשביין און אנדערע. די קינדער זיינען אויך געפיהרט געווארען אין טהעאטער צו זעהן געשפיעלט די פיעסען וואס זיי האבען געלערענט.

---

דאס איז בנוגע דעם למוד פון אידיש. א גלייך אנגעזעהענעם ארט מיט דער אידישער שפראך פערנעהמט אין דער שולע די העברעאישע שפראך. שטעהענדיג אויף דעם שטאנדפונקט אז ביידע שפראכען האבען זייער בעדייטונג פאר'ן קיום פון אידישען פאלק און אז ביידע מוזען זיי דעריבער אריינגעהן אלס בעשטאנד־טיילען אין דער אידישער ערציהונג, בעמיהט זיך די שולע מיט אלע קרעפטען צו שאפען א הארמאניע צווישען די צוויי שפראכען, אויסנוצענדיג אויף ווי ווייט מעגליך די כחות פון יעדער איינער פון זיי צו

ערקעמפּפען דאָס אידישע קינד פאַר׳ן אידישען פּאָלק. און זאָלען אלע די, וואָס רייצען נור צו קריעג צווישען אידיש און העברעאיש און זעהען אַן אויסגאַנג פון דעם שפּראַכען־קאַמפּף נור אין דער פערשלינ־גונג פון איינער דורך דער אַנדרערער, געהן אין דער שוהלע און זעהן ווי פריעדליך זיי ביידע הויזען און ווי אנשטאט צו שטערען איינע דער אַנדרערער העלפען זיי זיך ארוים. און זיכער ניט צווישען איה־רע קלענסטע פערדיענסטען וועט די שוהלע רעכענען דעם פאקט, אז איהר איז געלונגען צו געפינען דעם שביל הזהב אין דעם שפּראַכען־קאַמפּף, צו מאַכען אַ פּשרה צווישען די שפּראַכען און צונויפגיסען זיי אין איין הארמאָנישען גאַנצען.

פאַר די קינדער אין דער שוהלע עקזיסטירט קיין שום אונטער־שייד צווישען אידיש און העברעאיש. דער שפּראַכען־קאמפּף איז פון דער שוהלע איננאַנצען אויסגעשלאָסען. ער הערט־אויף ביי דער שוועל פון דער שוהלע, אלענפאלס וואָס אָנבעלאַנגט די קינדער. פאַר זיי גילט דער איין גרויסער כלל: „איהר זיינט אידישע קינדער און אלץ וואָס איז אידיש דאַרף אייך ניט פרעמד זיין“. ביידע שפּראַ־כען ווערען מיט דער זעלבער ליעבע אונטערגעהאַלטען און געלערענט אין דער שוהלע. פאַר דער העברעאישער שפּראַך־לעהרע ווערט אָב־געגעבען פונקט אַזוי פיעל צייט ווי פאַר דער אידישער שפּראַך־לעהרע, אַנטקעגען יעדער שטונדע אידיש — אַ שטונדע העברעאיש. די אָפיציעלע שפּראַכען פון דער שוהלע זיינען אידיש און העברעאיש, און וואו עס פיגורירט אידיש פיגורירט גלייך מיט איהר העברעאיש. און אפילו וואו די שוהלע איז קנאי׳ש אידיש און בעשטעהט שטרענג דערויף אז די קינדער זאָלען רעדען נור אידיש איז דיעזע קנאות געווענדט נור געגען דער לאַנדס־שפּראַך, אָבער ניט געגען העברעאיש. פערקעהרט, די שוהלע ערמוטיגט די קינדער אז זייער העברעאיש לערנען זאָל געהן אַזוי וויים אז זיי זאָלען קענען אויך רעדען העב־רעאיש. אָבער דאָס דאָזיגע שטרעבען צו רעדען העברעאיש איז ניט געריכטעט, ווי ביי די עקסטרעמע העברעאיסטען, געגען אידיש, נור, ערשטענס, אלס צוועק אין זיך אליין, אלס אַ פאָלקאָמענערע שטופע פון קענען העברעאיש, און צווייטענס, צו פערטיעפען דעם שטאַנד־פונקט פון דער שוהלע: אַ אידיש פאָלק — אַ אידישע שפּראַך.

אין דעם אונטערריכט פון העברעאיש האָט די שוהלע קיין נייעסען

ניט אויפגעטהאָן און עס איז דעריבער ניט נויטיג צו רעדען אויס־פיהרליך וועגען דעם גאַנג פון די למודים. דאָ איז זי געגאַנגען אין די טריט פון די בעסטע העברעאישע ערציהונגס־אַנשטאַלטען. די מעטהאָדע איז עברית בעברית און דאָס לערנען איז ביז איצט בע־שטאַנען הויפּטזעכליך אין ערווערבען די העברעאישע שפּראַך. פון קלאַס צו קלאַס קענען די קינדער אַלץ מעהר העברעאיש און זייער ווערטער־שאַץ ווערט אַלץ רייכער און רייכער. און וואָס גרעסער עס איז דאָס העברעאישע וויסען פון די קינדער אַלץ פּערצווייגטער אין אַלץ מעהר פּערטיעפט ווערט דאָס לערנען. פּאָרלויפיג זיינען די העב־רעאישע לימודים געגאַנגען אין די גראַדען אָנפאַנגענדיג מיט'ן ער־שטען רעדען אין לעזען העברעאיש און גרייכענדיג ביז לייכטע העב־רעאישע געשיכטען, ליעדער און חומש.

אַלס טעקסט־ביכער זיינען בענוצט געוואָרען פאָלגענדע: שפת ילדים, בן־עמי און ביאַליק'ס ספורי־המקרא.

---

ווייטער ווערט געלערנט אידישע געשיכטע. געשיכטע לערנען אַלע קינדער און דער אונטערריכט ווערט געגעבען מעהרסטענס אין דער פּאָרמע פון לעקציעס אויסוועניג, ווייל ביז איצט איז נאָך קיין לעהר־ביכעל פון געשיכטע אין אידיש ניט געווען. (איצט איז שוין ארויס „אונזער געשיכטע".)

פּאַר די קלענערע קינדער איז די געשיכטע בעשטאַנען פון די בעצויבערנדע ביבלישע ערצעהלונגען, נאָכגעהענדיג אין די טריט פון תנ"ך. זיי זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אין זייער ביבלישער גאַנצקייט, אָהן קיין קריטיק, כדי ניט צוצושטערען די אילוזיע. פּאַר די עלטערע קינדער איז שוין די געשיכטע בעשטאַנען אין דער שיל־דערונג און בעלייכטונג פון די העלדען און לעהרער פון אידישען פאָלק, און פערשיידענע עפּאָכען אין דער אידישער היסטאָריע. פּאַר די קינדער ווערט שוין אָנגעוויזען וואָס עס קלינגט לעגענדאַריש און וואָס עס ווערט בעטראַכט פּאַר היסטאָריש ריכטיג אין דער געשיכטע, וואָס זיי לערנען.

---

פאָלקס־געזאַנג פערנעהמט אין דער שולע זעהר אַן אָנגעזעהע־נעם אָרט. קינדער לעבען מיט געזאַנג, זיי וואַקסען מיט ליעדעלעך.

מעהר ווי יעדער אנדער זאך איז מוזיק מסוגל אריינצודרינגען אין די טיפעניש ען פון דעם קינד'ס נשמה. קיין זאך איז ניט אזוי אימ־שטאנד אויפצעוועקען געפיהלען אין דעם קינד'ס הערצעלע ווי א שעהן, הארציג, ריהרענדיג ליעדעלע. דאס קינד דארף דאס אידישע ליעד, כדי עס זאל האבען א אידישע כלי וואוהין אריינצוגיסען די געפיהלען ווען עס ווערט צעוואָרעמט אין איבערפילט דאס קינ־דישע הארץ. די אונענדליכע עשירות פון דער אידישער פאלקס־טימליכקייט, פון דער פשוט'ער הארציגער פאלקס־אידישקייט, קען נור דורך דער אידישער פאלקס־ליעד אין דעם קינד אריבערגעגאסען ווערען. דאס אידישע פאלקס־ליעד וועט עפענען זיין נשמה פאר דעם אידישען שמערץ, פאר דעם אונענדליכען אידישען צער, וועט צו־זאמענגיסען זיין הארץ מיט'ן הארצען פון דעם גרויסען, ברייטען אידישען המון, וועט אויפוועקען אין איהם סימפאטהיען צו זיינע ארעמע, צוזייהטע און צושפרייטע ברידער, צו זייער עלענד און זיי־ערע צרות און פיין.

אבער אויסער דעם גרויסען אידיש־ערציהערישען ווערטה וואס פאלקס־געזאנג האט, העלפט עס אויך אריינצוברענגען א מונטערען, אן אונטערהאלטענדען, א שפיעלענדיגען טאן אין דער ערנסטקייט פון דעם לערנען, און עס ווירקט ווי א מין ערהאלונג אויף די קינ־דער. און ביי די פעסטליכקייטען פון דער שוהלע פערשיינען פשוט די ליעדער די שמחה.

די קינדער פאנגען אן פון די איינפאכסטע אידישע און העב־רעאישע קינדער־ליעדער, ווי „מיכעלקו", „צעהן גוטע ברידער", „מה נאכל", און זיי געהען איבער צו ליעדער, וואס זיינגען שוין שווערער סיי אין דעם טעקסט סיי אין דער מעלאָדיע. זיי לערנען אויך מאנ־כע ליטעראַרישע ליעדער, וואס האבען גוטע אידישע מעלאָדיען. ביים אויסקלייבען די ליעדער איז מען פארזיכטיג ניט צו נעהמען אזעלכע, וואס זאלען זיין פרעמד דעם קינדערשען גייסט.

אלס קוועלען פאר די ליעדער האבען געדיענט פאלגענדע ליע־דער זאמלונגען: גינזבורג און מארעק'ס זאמלונג (אהן נאָטען) „אי־דישע פאלקס ליעדער", י. ל. כהן (מיט נאָטען) „זמירות ישראל", פלא־מאן ברונאף (מיט נאָטען), פיכמאנ'ס „אידישע מוזע". און איצט איז ערשיענען א „ליעדער זאמעלבוך פאר דער אידישער שול און

פאמיליע" מיט אן אויסגעצייכענטען אויסוואהל פון ליעדער און קינסטלערישער בעארבייטונג פון די מעלאָדיען. א גוטע העברעאישע זאמלונג פון ליעדער (מיט נאָטען) איז „זמירות ישראל".

---

מיט א בעזונדערער ליעבע גיט זיך די שוהלע אָב מיט דער פייערונג פון די אידישע ימים טובים. דאָס איז אינגאנצען א מאָדע, וואָס איז געבאָרען געוואָרען ביי די אידען אין אמעריקא, און, דוכט זיך, אז דאָס איז דער אויפטהו פון דער שולע. אין דער אַלטער וועלט האָט מען ניט געדארפט פייערען די ימים טובים אין חדר וויל מען האָט זיי געפייערט אין דער היים. אין אמעריקא איז די שעהנע זייט פון די אידישע ימים טובים אינגאנצען פערלאָרען געוואָרען. דערי־בער האָט די שוהלע איבערגענומען, אויף ווי ווייט דאָס איז מעגליך, די ראָלע פון דער היים, און זי שטרעבט אָבצולעבען דעם ראָמאַנ־טיזם פון די אידישע ימים טובים ביי די קינדער. וואָס פאַר א גוואלטיגען אידיש־ערציהערישען ווערטה דאָס האָט איז איבעריג צו זאָגען.

קומט א יום־טוב ערקלערט מען די קינדער נאָך א צייט פריי־הער וואָס דאָס איז פאַר א יום־טוב און ווי אזוי ער ווערט געפייערט. איבערהויפט ווי עס פייערען איהם די אידישע קינדער. מען לעזט מיט זיי דאָס וואָס עס געפינט זיך אין זייערע לעהר־ביכלעך וועגען דעם בעטרעפענדען יום־טוב. אָפטמאָל הייסט מען זיי אויך שרייבען פערפאסונגען וועגען דער בעדייטונג פון דעם יום־טוב. מען הייסט מאנכע קינדער זיך צוגרייטען מיט א יום־טוב'דיג ליעדעלע צו דע־קלאמירען אָדער א יום־טוב'דיג מעשה'לע פאָרצולעזען אויף דעם פעסט, וואָס מען מאַכט לכבוד יום־טוב.

און ווען דער יום־טוב קומט, פערזאמלען זיך אַלע קינדער און אַלע לעהרער. די קינדער אין זייערע יום־טוב'דיגע קליידער, אָפט־מאָל בעגלייט פון זייערע עלטערן. דאָ האַלט מען רעדעס, מען זינגט, מען דעקלאמירט, מען לעזט־פאָר, אַלץ מענינא דיומא, אויך גיט מען די קינדער נאַשעריי.

פורים פון יאָהר 1911 איז געוועזן דער ערשטער יום־טוב, וואָס איז געפייערט געוואָרען אין דער שוהלע פון די קינדער צוזאמען מיט די לעהרער און פערוואלטער. מען האָט דערצעהלט פאַר די קינדער

די געשיכטע פון דער מגילה, מען האָט געהאַלטען נאַציאָנאַליסטישע רעדעס אין פערבינדונג מיט פּורים און זיינע העלדען, קינדער האָבען דעקלאַמירט און פאָרגעלעזען פאַסענדע געדיכטע, ערצעהלונגען און כּפּעציעלע פערפאַסונגען, אַלע קינדער צוזאַמען האָבען געזונגען די ליעדער וואָס זיי האָבען אין דער שוהלע געלערענט, מען האָט גע־טיילט די קינדער גראַגערס, בּרוכטען א. ד. גל.

---

די שוהלע האָט אויך ערמוטיגט די קינדער צו לעזען אידישע ביכער וואָס זייער אינהאַלט איז אָנגעפּאַסט פאַר'ן קינדערשען גייסט. עס איז זעהר א טרויעריגער פּאַקט וואָס אין דער אידישער קינדער ערציהונג פעהלט לגמרי דער וויכטיגער עלעמענט פון — לעזען. מען ווייסט ביי אונז נאָר פון דעם טרוקענעם טעקסט־בוך. אין דער אידי־שער שוהלע און תלמוד תורה הערשט נור דאָס שטרענגע, פעסט־איינגעשטעלט „קאַזיאָנע“ ל ע ר נ ע ן, אָבער דאָס פרייע, לייכ־טע, ניט־געצוואונגענע ל ע ז ע ן, דאָס לעזען וואָס פּעראייניגט נוצען מיט פערגניגען, וואָס לערענט דורך אונטערהאַלטען, דערפון ווייס מען ניט אין אונזערע שוהלען און תלמוד־תורה'ס. אלס לע־זער איז דאָס קינד ביי אונז אינגאַנצען אויסגעשלאָסען.

אָבער דעם קינד'ס לעזען איז איינע פון די וויכטיגסטע ערצי־הונגס־מיטעל.

קינדער לעבען אין א גאַנץ אַנדער וועלט ווי דערוואַקסענע, אין א גאַנץ אַנדער וועלט, מיט אַן אַנדער פּסיכאָלאָגיע, מיט אַנדערע געפיהלען, אַנדערע שטרעבונגען און אידעאַלען, אַנדערע פּערלאַנגען און נייגונגען. און אַזוי ווי דער דערוואַקסענער אַזוי נויטיגט זיך אויך דאָס קינד אין א בוך, וואָס זאָל אויסדריקען זיין וועלטעל, וואָס זאָל זיין „איך“ ענטשפּרעכען, זיין האַרץ בעשעפטיגען און זיין נשמה שפּייזען. און שאַפען שאַפט פאַר'ן קינד דער דיכטער, וועלכער איז געבענטשט מיט דער געטליכער מתנה צו קענען געדענקען ווי אַזוי ער האָט געפיהלט ווען ע ר איז א קינד געווען, און ער לעבט זיך אריין אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם קינד און שאַפט אַלס קינד, און דורך דיעזע ביכער און דורך דיעזע דיכטער געשטאַלטעט זיך אויס פון דעם קינד דער מ ע נ ש.

דאָס אידישע קינד נויטיגט זיך אין זיין אידישען בוך, געשאַ־

פען פון זיין אידישען דיכטער, וועלכער איז בכח צו פיהלען ווי ער, און וועלכער וועט איהם אריינציהען אין דער צויבערוועלט פון אידישער דיכטונג, פון אידישער געשיכטע, פון אידישע לעגענדען און מעשות, בעקענען איהם מיט די וואונדערליכע אידישע מענשען, מיט דער אונערשעפליכער פּאָעזיע פון דעם אידישען לעבען, און אויסגעשטאַלטען פון איהם א א י ד ע ן.

דאָס אידישע קינד איז מעהר לעזע־דאָרשטיג ווי די קינדער פון יעדען אנדער פאָלק. אָבער דאָס ווערט לחלוטין ניט אויסגענוצט פאר זיין אידישער ערציהונג. העברעאיש פערמאָגט א ציעמליך־רייכע קינדער־ליטעראטור און אידיש שאפט זיך שנעל איין אזא ליטעראטור. אָבער ניט ווערענדיג אָנגעשטויסען צום אידישען און העברעאישען בוך צו בעפריעדיגען זיין לעזע־דורשט און צו זעטיגען זיין נשמה, מוז אונזער קינד אָנקומען אויסשליסליך צום פרעמדען, צום ענגלישען בוך, און אזוי קומט צו צו דער פּאָבליק סקוהל נאָך א גוואלדיגער כח, וואָס ווירקט צו דערווייטערען און צו פערפרעמדען דאָס אידישע קינד פון זיין פאָלק און פון זיין שפראך. און מיט דער געוואָהנהייט וואָס ער בעקומט אלס קינד — צו זוכען זיין בעפרידיגונג אין לעזען נור אין דעם פרעמדען בוך, — בלייבט ער אויך ווען ער ווערט עלטער, און אזוי געהט דאָס אידישע קינד פערלאָרען פאר'ן אידישען בוך. דאָס אידישע בוך וועט שוין קיינמאָל זיין גוטען אידישען איינפלוס אויף איהם ניט אויסאיבען.

די לעהרער וויזען דעריבער אָן די קינדער אויף העברעאישע און אידישע ביכער צום לעזען. און אזוי ווי אידיש איז נאָך ציעמליך ארעם אין ספּעציעלע קינדער אויסגאַבען האָבען די גרינדער פון דער שוהלע געמוזט אויך נעהמען אויף זיך די אויפגאבע פון ארויסגעבען קינדערשע ביכלעך, כדי די אידישע ערציהונג זאָל זיין א גאנצע. זעלבסטפערשטענדליך, אז די קינדער ווערן אויך רעקאָמענדירט צו לעזען ביכער איבער אידישע ענינים אין דער ענגלישער שפּראך און אין אנדערע שפּראכען וואָס זיי קענען.

---

א גרויסע ווירקונג אויף די קינדער האָט אויך געהאט די אטמאָספערע פון דער שוהלע. די פערוואלטונג און די לעהרער האָבען זיך געגעבען יעדע מיה אָנצופילען די שוהלע מיט א גייסט פון ליעבע צום אידישען פאָלק און צו זיין קולטור, מיט דעם ריינסטען און היי־

ליגסטען אידעאַליזם, דעם אידעאַליזם פון דערהאַלטען דאָס אידישע פאָלק און טראָגען און פלאַנצען ווייטער זיין קולטור.

אין דעם קאַמפּף צווישען דער שוהלע און דער פּאָבליק סקוהל, וועלכער האָט זיך זעלבסטפערשטענדליך אָבגעשפּיעלט אויף און אין די קינדער, וואָס זיינען געקומען אונטער דער שוהלע׳ס האַנד, איז די שוהלע ארויס די פאָלשטענדיגע זיעגערין. די קינדער זיינען געוואָרען אידיש אין יעדען פיבער פון זייער נשמה. פון דעם ערשטען טאָג אָן האָט זיך געפיהלט אַזוי ווי די קינדער וואָלטען דאָ געפינען עפּעס וואָס ס׳האָט זיי לאַנג געפעהלט און וואָס זיי האָבען לאַנג געזוכט. און אַ גרויסער פאַקטאָר איז דאָ געוועזען דער אויבען־דערמאָהנטער אידעאַליזם פון די לעהרער און פערוואַלטער פון דער שוהלע. די פּאָבליק סקוהל איז דאָך אין פּרט פון אידעאַליזם זעהר טרוקען. און אויב זי האָט אַן אידעע — איז עס ניט קיין שעהנע, ניט קיין ריינע, ניט קיין עהרליכע. עס איז די אידעע פון אַסימילירען, פון פערשלינגען. און ווי פערשטעלט און ווי בעהאַלטען מען זאָל עס ניט מאַכען, דערשפּירען עס דאָך די קינדערשע נשמות. און ביי קינדער, וואָס ביי זיי איז דאָס געפיהל פון גערעכטיגקייט זעהר ווייך און עמפּפינדליך, קען דאָס קיין וואַרעמען אָבקלאַנג ניט געפינען, נור, פערקעהרט, א שטילען ווידערגעפיהל. דאַגעגען, דער אידעאַל פון דער אידישער שוהלע, דער אידעאַל פון דערהאַלטען זיך, — דערין איז פאַראַן, קודם כל, זעלבסט־אַכטונג, און צווייטענס, דאָס געפיהל פון געקרינקטקייט — ביידע זאַכען, וואָס אַפּעלירען שטאַרק צום קינדערשען האַרצען. אָט אין דעם ליעגט פערבאָרגען דער גרויסער כח פון דער אידישער ערציהונג, דער איינער גרויסער פאָרצוג פון דער אידישער שוהלע איבער דער פּאָבליק סקוהל. און דער ערפאָלג פון דער אידישער ערציהונג העננגט נור אָב אין דעם, ווי ווייט דער אידישער ערציהונגס־אַנשטאַלט וועט פערשטעהן צו האַמערען אויף דיעזען פונקט. די שוהלע, וועגען וועלכער עס געהט דאָס די רעד, האָט עס פערשטאַנען און האָט אָנגעהויבט ביי זיך אַן אַטמאָספערע פון וואַרעמען אידעאַליזם, און דער אידעאַל פון דער שוהלע איז געוואָרען אויך דער אידעאַל פון די שילער — צו בלייבען געטריייע, איבערגעבענע זיהן און טעכטער צום אומגליקליכען, געקרינקטען אידישען פאָלק.

---

אָט דאָס איז פאָרלויפיג דער אויפטחו פון די נאַציאָנאַל־ראַדי־

קאלע אידען אויף דעם פעלד פון אידישער ערציהונג. און דער ער־פאָלג ווערט אָהן אַן ערך גרעסער ווען מען בערעכענט אז די שוהלע איז געווען בלויז א שבת־און־זונטאג שוהלע. די פרינציפּען פון זייער אידישער ערציהונג האָט אין איין אָרט מר. יואל ענטין, וועלכער איז געשטאנען בראש פון דער שוהלע, אויסגעדריקט ווי פאָלגט:

1) די ערציהונג פון דעם מאָדערנעם אידען דארף זיין בעגרינדעט ניט אויף גלויבען און מורא, נאר אויף ליעבע און שעהנקייט. ניט אויף רעליגיאָן, נאר אויף דער אידישער קולטור אין בּרייטען זין.

2) דאס אידישע קינד דארף אינטעליגענט קענען דעם אידישען מאַמע־לשון, די לעבעדיגע שפּראך פון לעבעדיגען אידישען פאלק, פון די אידישע פאָלקס־מאסען און פון דער בּליהענדער אידישער ליטעראטור.

3) דאס אידישע קינד דארף גרינדליך און ליבעראל אונטעררי־כטעט ווערען אין דער אידישער געשיכטע, אום עס זאל זיך גוט באקענען מיט די אידישע טראדיציעס און אידעאלען, זיי ליעב בעקומען און אנ־געפילט ווערען מיט א הייסען באגעהר זיי ווייטער צו פלאנצען אין דער צוקונפט אריין.

4) דאס אידישע קינד דארף גוט אונטעררי־כטעט ווערען אין העב־רעאיש אלס די שפּראך פון תנ״ך און פון די גרויסע אידישע דענקער און דיכטער פון אלע צייטען. נאר דורך העברעאיש קען דאס אידישע קינד אין גייסט זיך צוזאמענגיסען מיט די אידען פון אמאל און מיט יענע אידען פון היינט, וואס רעדען קיין אידיש ניט.

5) דאס אידישע קינד דארף אונטעררי־כטעט ווערען אין דער אידי־שער און העברעאישער ליטעראטור.

6) דאס אידישע קינד דארף שטודירען דעם תנ״ך און האבען א ידיעה אין דער געשיכטע פון דער אידישער רעליגיאן און אין תלמוד. דער ניט־רעליגיעזער איד מוז דאך קענען אריינדרינגען אין דער וועלט פון זיינע רעליגיעזע ברודער.

7) דאס אידישע קינד דארף זיין א רינגע, דורך וועלכער עס זאל ווייטער פליסען דער שטראם פון אידישער פאָלקס־לעהרע, ווי פאָלקס־ליעדער, לעגענדען, פאָלקס־געשיכטען, פאָלקס־וויצען, א. ז. וו.

8) די אידישע רעליגיאָן, אויף וויפיעל זי איז פּאעטיש־שעהן, נאצ־יאָנאַליסטיש און מאראליש ערהאבען, דארף קולטיווירט ווערען.

9) די נאציאנאלע און פּאעטישע אידישע יום־טובים מיט זייערע שעהן־פּאעטישע סימבאָלען דארפען אפּגעהיט ווערען אין דער מאָדערנער אידישער שוהלע.

**אָט דאָס זיינען די עיקרים פון דער אידישער ערציהונג פאר**

די קינדער פון פרייגעזאָנענע אידען. די אָרטהאָדאָקסישע אידען קענען, פערשטעהט זיך, מיט דיעזען פראָגראַם ניט זיין איינשטימיג וואָס אָנבעלאַנגט דעם ריין רעליגיעזען אונטעררייכט. זאָלען זיי אָבער ניט פערגעסען, אַז אפילו ביים גלויביגען אידען איז די רעליגיאָן היינט ניט דער א י י נ צ י ג ע ר אינטערעס, וואָס פילט אוים אָלע קעמערלעך פון זיין נשמה, אזוי ווי עס איז געווען אמאָל. דער מאָדערנער גלויביגער איד האָט אויך זיינע קולטורעלע בעדערפ־נישען, און נאָך איידער אפשר ער דאָוונט לייענט ער זיין מאָרגען־בלאט. אָט אויף די קולטורעלע בעדערפנישען פון דעם מאָדערנעם אידען איז הויפּטזעכליך אוועקגעשטעלט די אידישע ערציהונג פון דעם פרייגעזאָנענעם אידען. זאָלען די אָרטאָדאָקסישע אידען אויפ־נעהמען דאָס וואָס איז „כשר“ אין דיעזען פראָגראַם פון דער נייער אידישע ערציהונג און זאָלען זיי שפּעטער קענען זאָגען אַז זייער אידישע ערציהונג איז רייכער מיט איין עלעמענט, מיט דעם רעלי־גיעזען, וואָס די פרייגעזאָנענע קענען ניט האָבען. אָבער צו פער־ווארפען אינגאַנצען דיעזען פראָגראַם איז פאטאל — עס וועט פיה־רען צום אונפערמיידליכען אונטערגאַנג פון אידישען פאָלק.



